№ 5.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס־צייטונג

28 Januar 1903. | פערלאג „פאלקס־בילדונג“ ווארשא. | כ״ט טבת תרס״ג.

אינהאלט: קליין־קרעדיט: ג. באדער. — צווישען גאוטען: א שרייבער. — פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס II יודישע נייעס. — בריעף פון ליטא: הליטאי. — אויף דער עלטער ווערצעהלונג): ליפמאן לעווין. — דער יודישער גלות שאול יצחק סטופניצקי. — די יודען אין מאראקא: ה. נ—ד. — ליטעראטור און קונסט. — וויסענשאפטליכע ידיעות.

יודישע פרויען־וועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — די קולירען אין דער פרויענקליידונג; דבורה לעווינזאהן. — מודעות.

פעליעטאן: צעזייעט און צעשפרייט; שלום עליכם.

## 1903 אבאנעמענט אויף דעם נייעם יאהר 1903

אויף דעם נייעם יאהר געפינט זיך אין דעם פארטפעל פון אונזער רעדאקציע פיעל ארטיקלען פאר אלע אבטהיילונגען פון אונזערע שטענדיגע מיטארבייטער:

י. דינעזאהן; ד״ר ח. ד. הורוויץ; ד״ר י. ליאקומאוויטש; מ. ספעקטאר; ד. פינסקי און שלום עליכם.

אויף דעם נייעם יאהר גיט די „פאלקס־צייטונג“ אידרע יעהרליכע אבאנענטען א פרעמיע:

**אלע ווערק פון שלום עליכם** — מיט דעם בילד און ביאגראפיע פון מחבר — **4 בענדער**

**פאר 1 רובל מיט פארטא.**

די אלע ווערק פון שלום עליכם זענען איבערגעקוקט און אויסגעבעסערט פון מחבר. דרוקען זיך מיט נייע שריפט. מיט נקודות און אויף גוט פאפיער.

אבאנאמענטס־פרייז און אדרעסע געפינט זיך אין אנהויב פון יעדען נומער.

Bracia Pryzment & Aleksander Lewin.

אליין־פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד אונד פוילען

## טואלעט־זייפען אונד פערפומען

דער בעריהמטער פאבריק

# Gust. Stuermer

רעקאמאנדירען בעזאנדערס בלומענזייפען פערשיעדענער גערוכען, וויא אויך **Semiramis** אונד א נייע סארט זייפע **Trianon**, אויך אללע סארטען א-דע-קאלאן אונד **בלומענ־א־דע־קאלאן** אין פערשיעדענע גערוכען.

5—3 **Warszawa, Pasaż Simonsa sklep Nr. 11.** (133)

---

חירורגיש-ארטאפעדישע אנשטאלט

פון **ד"ר רייכשטיין**

נעהמט אן צו חירורגישע בע־האנדלונג אויסגעקרומטע שדרות און פיס; געלענק- און מוסקעל־קראנקהייטען, ווי אויך צו מאססאז, פון 4 ביז 6 אוהר. אין דער אר־טאפעדישען ווערקשטאט ביי דער אנשטאלט ווערדען פערפערטיגט דורך ספעציאליסטען: קארסעטען, אפאראטען צו האנדע און פיסע (שיענען הילזענאפאראטע העססינג) קינסטליכע פיסע, אלערליי רופטור־און בויך-גארטעל א. ז. וו.

(131) 31 **לעשנא** 31 10—4

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

יהושע טייטעלבוים דזיקא 18

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקעלן, אקסידירען, און בראנזירען פערשיעדענע מע־טאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע ילבערנע און פערזיל־בערטע כלים אויף צו פרישען ווי גאנץ נייע. **גאראנטיערט פיר דויערהאפטיגקייט** און צו גאנץ **מעסיגע פרייזען.**

נייעס! פערשיעדענע אויסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמען־גירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ ביליג.

(99) 20—11

---

## שיין שרייבען

פערשיעדענע שריפטען ער־לערענט אין 20 לעקציאנען די ערגסטע צעבראכענע און געציטערטע האנד־שריפטען, עכט קאליגראפיע

(134) **ש. טייטעלבוים** 4—3

נייע מילע 38, וואהנונג 56.

---

פאבריק פאן פייער־פעסטען

## אייזערנע קאססען

עמפפעהלט איהרע אויסארבייטונג נאך דעם נייעסטען סיסטעם קאנקורירט מיט דיא פרייזען אויך פער־גרעסער איך די N. N. געגען אנדערע פא ב־ריקאנטען.

פרייז-קוראנטען פראנקא.

Щ. ХАРИ, Варшава

(102) Новолипье 40. 10—10

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש, די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען, אויף תשובה א מארקע.

ניט זאמט און פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

(25) 52—22

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפליכע ערקלערונג **חנם לכל דורש.**

**Я Найдичъ, Варшава.**

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער** 84 **פראבע עט פלאטעע־וואארען.**

(128) 30—5




---

### וויר מאכען אויפמערקזאם

אויף דען פריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** ווארשא מוראנאווסקא 14. אלע אפעראציאנען ווערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר בארעל. אנגענומען ווערדען חירור־גישע קראנקע יעדען טאג פון 2-10 **פריוואט וואהנונג** דזיקא 3 פון 10—9 אונד 7—4.

(38) 26—19

---

## מיטלען צום לעבען.

דיא אלע לעהרעס וועלכע איך לעהרען מאכען: זייף (אייניגע סארטען), **ברעז־עהל, שוה־וואכס, וואגען־שמיר, לאקיער** און נאך פערשיעדענע וויכטיגע אויסארבייטונגען האב איך צוזאממען־געשטעלט אין א בוך פיר **פרייז** 3 **רובל** אלע ארטיקלען, איך אנטוואורטע אויף פראגעס אונד שיקע ראה-מאטעריאל לויט פערלאנג.

(75) 10—10

И. М. МАТУЗОНЪ

Варшава, Милая ул. 17.

---

חוברות בודדות מן

## מלון של כיס

מעברית לרוסית ואשכנזית

מאת י. גרזובסקי וד"ר י. קלוזנר

תמצאינה להמכר רק עד ר"ח אייר

ואח"כ ימכר רק המלון כלו.

אלה שקנו חוברות בודדות מהמלון יזדרזו לרכוש להם את החוברות החסרות להם בעוד מועד.

1—3 (143)

Издат. „Тушія" Варшава.

---

## ד"ר מ. קעניגשטיין

ווארשא, גראניטשנא № 6

בעהאנדעלט האלז-, אויערן- און נאזען־קראנקהייטען ביז 10 אין דער פריה און 4—6 נאכמיטאג. אין דער היילאנשטאלט דזיקא 26 פון 2 ביז 3.

(96) 50—11

---

### בערדיטשעווסקעס קליינע ביכלעך

1) א מעשה.

2) שמועסען.

3) הקדמות.

פרייז פיר אלע דריי ביכלאך 15 קאפ' צו בעקומען אין דער רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג", „הצפירה" און ביי ה' צוקערמאן, מו"ס.

(144) 1—4

---

## וויכטיג

פיר סוחרים און פאבריקאנטען.

מאכע היערמיט בעקאנט, דאס אום צו קענען אויספיהרען רעעל און זיכער די בעשטעללונגען פון די געעהרטע קליענטען, האבע איך מיינע 17 יאהר לאנג עקזיסטירענדע

## שילדער־פאבריק

איבערגעטראגען פון דזיקא 16 אין א פיעל גרעסערען לאקאל

**דזיקא 26**

(141) 4—2

און נעהמע אויך אן אללערארט מאלער ארבייט אין געזועלבען און פאבריקען צו אללער בילליגסטען פרייזען.

**M Burgin, Warszawa Dzika 26.**

---

Зеркальный фабрикантъ

ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,

Варшава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטען פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.

(104) 25—6

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ ווקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק, ותולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Іешурунъ", Вильна**

**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.**

(45) 25—

---

## דרוקעריי עט ליטאגראפיע

# ש. בעלכאטאווסקי, פעטראקאוו.

**(געגרינדעט אין 1860 יאהר)**

מיר גלויבען אז מיר פערשפארען צו לויבען און רעקלאמירען אונזער דרוקעריי, וועלכע עקסעסטירט שאן מעהר ווי 40 יאהר, און האט זיך א גוטען נאמען געשאפט. די פיעל ווערקע וועלכע זענען געדרוקט געווארען אין אונזער דרוק אין דעם מיטך פון די 40 יאהר — זענען די בעסטע עדות דערויף. מיר מאכען נור אויפמערקזאם, אז מיר האבען די לעצטע צייט פיעל נייע סארטען שריפט און פערצירונגען איינגעשאפט, כדי צו פערפיינערען די ארבייטען נאך די לעצטע מאדע. מיר נעמען אן צו דרוקען **ביכער, העברעאישע, פלפול ספרים, זשארגאנישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע** וכו'; אויך נעמען מיר אן צו דרוקען **אלערליי עטיקעטען, פרייז־קוראנטען, פאבריטישנע ביכלעך, פאסט־פאפיער, קוויטאריושען, וויזיט־קארטען** וכו'.

אויך געפינט זיך שטענדיג אויפ'ן לאגער **קארמעלקעס עטיקעטע.**

אלעס ווערד פיין און שנעל אויסגעפיהרט, צו זעהר ביליגע פרייזען פעטראקאוו איזט ביי ווארשא, רייזע קאסטען נור 1.96 רובל.

(128) אדרעסע: 14—6

Въ Контору паровой типо-литографіи

**Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

Nr. 5. Jüdische Volks-Zeitung צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל, האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 40 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

28 Januar 1903. Nr. 5 כ"ט טבת תרס"ג.

## קליין־קרעדיט.

ביז אין דער לעצטער צייט איז כמעט אויף דער גאנצער וועלט פארברייטעט געוועזן א מין סאציאל־עקאנאמישער „אני־מאמין", וואס אלעס האט געגלויבט אין איהם ווי אין תורת־משה, אז די מלאכה און דער קליינער האנדעל ליגען שוין אין דער גסיסה און אט היינט־מארגען וועט שוין זיין זייער סוף. די פאבריקען, האט מען געמיינט, וועלען די מלאכות צעקוועטשען און די גרויסע האנדעלס־אונטערנעהמונגען מיט זייערע גרויסע קאפיטאלען וועלען דעם קליינעם האנדעל אויפפרעסען מיט דער הויט. די פראקטיקע פון די לעצטע יאהרען האט אונז אבער געוויזען, אז מיר האבען געלעבט אין טעות. די סטאטיסטיק בעווייזט, אז דער גרויסער האנדעל און די פאבריקען מיט זייער געוואלטיגער מאשינעריע האבען דעם קליינעם מסחר און דער מלאכה זעהר וועניג געשאדעט. לויט די סטאטיסטישע דאטען, וואס מען האט צוזאמענגעקליבען אין דייטשלאנד, ענגלאנד און בעלגיע, דאס הייסט אין די לענדער מיט א שטארק ענטוויקעלטען גרויס־האנדעל און א מאסע פאבריקען, לעבען זיך די בעלי־מלאכות און די קליינע סוחרים גאנץ בעל־בתיש, און עס געהט זיי היינט נאך אפשר בעסער ווי פריהער; די ארבייט ביי דער מלאכה געהט זיי געשיקטער דורך די נייע מאשינען און דער קליינער מסחר בעקומט אויף שנעלער די סחורה פאר זיינע קונים. פון דעם וויל מען אצינד ווייטער בעווייזען, אז דער בעל מלאכה און דער קליינער הענדלער בעדארפען נישט אזוי שטארק מורא האבען פאר דער קאנקורענץ פון דער מאשין אדער פון דעם גרויס־האנדעל, ווייל עס וועט נאך גענוג לאנג דויערען, ביז זיי וועלען ביידע בטל ווערען.

דאס רוב יודען אין רוסלאנד, אין גאליציע און רומעניע זענען קליינע קרעמער און בעלי־מלאכות, גרויס־האנדעל און פאבריק־וועזען געפינט זיך גישט ביי אונז אפילו א צעהנט חלק ווי אין דייטשלאנד, ענגלאנד און בעלגיע, און דאך לעבען אונזערע קליינע סוחרים און בעלי־מלאכות אין צרות, איינער ווי דער אנדערער לויטער קבצנים און פיעל פון זיי געהען פשוט אויס פאר א שטיקל ברויט.

די סבות דערפון זענען זעהר פיעל. מען וואלט געקאנט שרייבען וועגען דעם גאנצע ביכער.

אויף איינע פון די סבות וויל איך היינט אויפמערקזאם מאכען. אונזערע קליינע סוחרים און בעלי־מלאכות פעהלט איין זאך: עס פעהלט זיי קליין־קרעדיט.

צעהנדליגע קליינע סוחרים געהען צו גרונד, הונדערטע בעלי־מלאכות ווערען איינפאכע שנארערס, ווייל זיי קענען נישט בעקומען קיין קרעדיט פון 25 ביז 100 רובל מזומן. (דאס רוף איך „קליין־קרעדיט").

ווי ווייט מיר דארפען אזא קליינעם קרעדיט, און ווי ווייט אזא קליינער קרעדיט קאן נוצען, דארף איך איצטער ניט בעווייזען. דערווייזען וויל איך נאר, ווי ווייט עס שאדעט, וואס מיר האבען נישט קיין קליינעם קרעדיט. איינינע פאקטען פונ'ם לעבען קענען אונז דיענען אלס מאטעריאל דערצו.

ראובן איז א קרעמער. מיט וואסערע סחורה ער האנדעלט, דאס איז א נעבענזאך. זיין גאנצע קראם בעטרעפט נישט מעהר ווי א 150 רובל. פון דעם איז ער מפרנס א ווייב מיט עטליכע קינדערלעך. סחורה בעקומט ער אויף קרעדיט. ער צאהלט זיינע וועקסלען פינקטליך און לעבט זיך בשלום ובשלוה. פלוצלינג ווערד איהם דאס ווייב קראנק און א קונה צאהלט איהם נישט עטליכע רובל חוב. דערוויייל ריקט אן א טערמין פון א וועכסעל. ער מוז זיך דערהאלטען דעם קרעדיט און מוז זיך שאפען די עטליכע רובל, דאס וועכסעל צו בעצאהלען. ער טרעפט א וואוכערניק, א גוטען מענש אפילו, וואס לייהט איהם 50 רובל און נעמט א וועכסעל אויף 60 רובל, אבצוצאהלען אין 10 חדשים צו 6 רובל א חודש. דער פראצענט איז פערהעלטניסמעסיג נישט טייער, ווארום אנדערע נעהמען צוויי מאל אזוי פיעל; אין אמת'ן מאכט עס אבער אויס מעהר ווי 50 פראצענט. ראובן צאהלט דעם

וועכסעל און בלייבט ווייטער ביי זיינע סוחרים איין ארענטליכער מענש. מיט דעם אבצאהלען דעם וואוכערניק געהט איהם שוין שווערער. די 6 רובל א חודש פעהלען איהם, דא צום דירה־געלד און דא צום צאהלען א פרישען וועכסעל ביי זיינע סוחרים. ביי די לעצטע 4 ראטען גיט איהם דער וואוכערניק א נייע הלואה פון 50 רובל און נעמט א וועכסעל אויף 60, דערביי ציעהט ער זיך אב 24 רובל פאר די לעצטע 4 ראטען פונ'ם ערשטען וועכסעל דערנאך מאכט זיך ווייטער עפיס א מניעה. ראובן קאן נישט צאהלען דעם וואוכערניק די ראטען. דער וואוכערניק איז אבער א גוטער מענש און געהט נישט תיכף צום גע־ריכט. ראובן גיט איהם 1 רובל א חודש פראצענט און חוב בלייבט חוב. איינמאל קאן ראובן דעם רובל פראצענט אויך נישט געבען און דער וואוכערניק מוז שוין געהן צום געריכט, חאטש ער איז א גוטער מענש. צום טערמין געהט מען אפילו נישט. דער וואוכערניק האט מורא, טאמער פרעגט מען דארט ביים געריכט וועגען וואוכער. אין איינוועגם ווייסט ער גאנץ גוט, אז ראובן וועט נישט צונעמען קיין פרעמד געלד. אזוי פערגלייכען זיי זיך ביידע נאך פאר'ן טערמין. פלוצלינג הויבט אבער אן צו קלינגען אין שטאדט, אז ראובן איז שולדיג עפיס א וועכסעל און צאהלט נישט. די בשורה געהט ארום פון אויער צו אויער, ביז זי קומט אן צום פאבריקאנט אדער צום גרויסען סוחר, וואס ראובן נעמט דארט סחורה אויף קרעדיט. ראובן פארליערט דעם בטחון. דער פאבריקאנט אדער דער גרויסער סוחר וויל איהם נישט מעהר קרעדיטירען, אדער ער קרעדיטירט איהם „בבל־סחורות“ וואס ער מוז נעביך באין־ברירה צונעמען, האטש ער ווייסט פון דער לכתחלה אן, אז ער וועט זי נישט קענען פערקויפען. — וואס עס קומט פאר ווייטער מיט אונזער ראובן, קאן זיך יעדער אליין משער זיין. ער ווערד באנקראט. מען פערקויפט איהם דאס געוועלב זיינס מיט די סחורות, און איהם קומט נישט מעהר אויס, נאר נעהמען א טארבע אויף די פלייצעס און געהן אין די הייזער.

שמעון איז א שוסטער און פערדיענט זיך זיין פרנסה. אז מען בעשטעלט ביי איהם א פאר שוך, מוז ער אויסלעגען זיין געלד אויף לעדער קויפען. פאר פסח מאכט זיך ביי איהם מעהר ארבייט און ער האט נישט קיין געלד, צו מאכען אלע בעשטעלונגען. ער קאן נישט איבער דעם צוהאלטען קיין ווארט און פארליערט די קונים זיינע. אדער ער פאלט אויך א וואוכערניק אין די הענד אריין און האט דעם אייגענעם סוף, וואס ראובן דער קרעמער.

דינה זיצט אין מארק מיט געבעקס, צי מיט פירות און צוקער־ווערק פאר קינדער. איהר גאנצע סחורה איז נישט מעהר ווערט, ווי העכסטענס 5 רובל; פון דעם דערנעהרט זי זיך און איהרע קינדערלעך. זי איז איין אלמנה, צי א גרושה אדער אפשר גאר איין עגונה. יעדען שבת־צו־נאכטס טראגט זי אוועק איהר שבת'דיגע שאל צו איינעם א „גוטען מענש“, וואס לייהט איהר 3 רובל. מיט דעם האנדעלט זי א גאנצע וואך און ציעהט ארויס איהר חיונה. פרייטאג טראגט זי אב 3 רובל מיט 60 קאפיקעס און נעמט זיך אב איהר שבת'דיגע שאל ביז שבת־צו־נאכטס. און אז דער „גוטער מענש“ ווערד אמאל מיט איהר ברוגז, עס דאכט זיך איהם, אז דינה האלט איהם חלילה פאר א וואו־כערניק, און זאגט איהר: „איך דאנק אייך פאר אייערע געשעפטען, איך וויל אייך נישט לייהען, איך בין נישט קיין וואוכערניק!“ דענסט־מאל איז ביי איהר חשך א גאנצע וואך. און אז עס וואלט זיך חלילה אמאל געמאכט, אז דינה וואלט נישט געקאנט אבברענגען פרייטאג די 3 רובל מיט 60 קאפיקעס, דעמאלט וואלט שוין געוועזן איהר סוף..

אט פון אזעלכע מענשען בעשטעהען דאס רוב, דאס פראסטע יודישע פאלק, וועלכע מע וואלט געקאנט לייכט העלפען. ראובן

# פעליעטאָן.

## צעזייעט און צעשפּרייט.

### בילדער פונ'ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

### שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג).

#### IV-טע סצענע

(די זעלבע, מלכה, אהן מאטווייען).

פלארא. (צום פאטער) איך פארשטעה ניט, פאפאשא, פאר וואס אייגענטליך ביזט דו אנגעפאלען אויף מאטווייען, ער איז דאך געדעבט, ער איז ניט סאשא.

חנה. און איך האלט, אז דער פאפאשא איז גערעכט. וואס פאר א מאדע פייפען ביים טיש?

פלארא. ווער פרעגט דיך?

חנה. ווער רעדט צו דיר?

פלארא. ביזט שוין דאכט מיר צו קלוג געווארען, מיין טייערע געבוילבעטע שוועסטער, נאך איידער דו האסט אנגעשמעקט דו קורסען!... דו מעגט זיך טאקי רעכטען אויף די קורסען! אזוי לאנג זאל מיר דער קאפ ניט קרענקען! — ווייסט דו פאר וואס? דערפאר וואס דו ביזט א יודישע טאכטער, האטש דו האסט זיך אונטער געשערען די האר... פאלג מיך, שלאג זיך עס ארויס פונ'ם קאפ, כ'לעבען!

חנה. קיין עצות ביי דיר פרעגט מען ניט. — מע וועט זיך בא־געהן אהן זיי. — גיב בעסער אכטונג אויפ'ן פנים ס'זאל זיין גוט אנ־געפודערט...

פלארא. ביזט דאך טאקי א רעכטער עזות פנים! — האלט צונג, א ניט וועל איך זיך מיט דיר דארפען רעכענען אויף איין אנדער מין אופן!...

חנה. אזוי גאר? דהיינו מיט וואס? אפשר מיט די הענט?

פלארא. און אפשר טאקי מיט די הענט! צי דו מיינסט, אז איך וועל לייגען כבוד אויף דיינע אונטערגעשערענע האר? צי אויף דער „קרייצער סאנאטאריע“ וואס דו לייענסט? —

חנה. דו קעהרסט אפנים וועלען זאגען „קרייצער סאנאטא“.

פלארא. נא דיר, נא א „קרייצער סאנאטא“ (טראגט איהר אונטער גלייך אונטער דער נאז א מין זאך פון דריי מאדנע צענויפגעלייגטע פינגער, וואס הויבט נישט אהן צו זיין פאחאזשע אויף „א קרייצער־סאנאטא“... טהוט איהר חנה א זעץ איבער דער האנט און באקומט פון איהר אפאטש אין פנים).

מאיר און מלכה. (חאפען זיך אויף ביידע פון די ערטער) שא!... שטילער!... וואס? וואס איז דארטען? וואס פאר א מאדע פאטשען זיך?... (ביידע שוועסטער צעגעהען זיך. איטליכע אין א באזונדער טיר).

קרעמער וואלט נאר בעדארפט א ביליגען קרעדיט פון 100 רובל, ער זאל נישט בעדארפען אנקומען צום וואוכערניק אדער ער זאל קענען אבצאהלען דעם וואוכערניק און בלייבען א מענש ווי פריהער. ביי א ביליגען קרעדיט וואלט איהם דער פראצענט נישט אויפגעפרעסען די עצמות. דאס אייגענע איז ביי שמעון דעם שוסטער און ביי דינה די זיצערין. ליידער אבער, האבען מיר נאך נישט ביז היינט אזוינע אנשטאלטען ביי אונז יודען, וואס זאלען אזוינע מענשען געבען א קליינעם ביליגען קרעדיט און דעריבער מיזען זיי צוגרונד געהן און די צאהל פון יודישע ארעמע לייט פערגרעסערט זיך פון טאג צו טאג.

אונזערע יודען זענען רחמנים בני רחמנים און אז ראובן, שמעון אדער דינה זענען שוין מאטעריעל אין גאנצען פערלארען, לאזט מען זיי נישט הלילה שטארבען פאר הונגער. אויף דעם זענען דאך יודען בני רחמנים. כל־זמן זיי זענען נאך געזונד, בעקומען זיי אונטער־שטיצונג פון א חברה „לחם לאביונים" אדער „קופה של צדקה"; ווערען זיי קראנק, איז דא א חברה „בקור־חולים" און א שפיטאל; שטארבען זיי, איז דא א חברה־קדישא, וואס גיט זיי תכריכים און לאזט זיי נישט בעגראבען נאקעט, א חברה נושאים, וואס איז זיך מתעסק מיט זייער אוועקטראגען און הייסט זיי נישט, זיי זאלען זיך אליין אוועק־טראגען וכדומה.

וועט איהר וועלען פרעגען: פאר וואס נעמט מען נישט דאס געלד פון די חברות „לחם לאביונים", „קופה של צדקה", „בקור חולים", „חברה קדישא", „נושאי המטה" און נאך אנדערע אזוינע און מען גרינדעט נישט איין אנשטאלט, וואס זאל געבען קליינעם ביליגען קרעדיט, אז אזוינע מענשען ווי אונזער ראובן, שמעון אדער דינה זאלען נישט בעדארפען אנקומען צו די טובות פון אט די אלע צדקה־חברות?

ג. באדער.

## צווישען גאזעטען.

(א קליינע פארעדע).

אונטער דעם נאמען וועלען מיר געבען פון צייט צו צייט איין איבערבליק איבער דעם וואס ווערד גערעדט אין פערשידענע צייטונגען, אויסהערען די גוטע און ניצליכע מיינונגען און אין איין וועגס זיך אומקוקען אויף די פעהלערען און מעגליכע טעות'ען, וואס חאפען זיך ווילענדיג, ניט ווילענדיג ארויס פון אונטער דער פעדער...

היינטיגען ערב ראש השנה פון די צייטונגען האבען זיך די פראספעקטען פון אונזערע יודישע צייטונגען פערגרעסערט ווי תמיד און זייערע צוזאגען האבען גאר קיין גבול ניט געהאט. און עס איז זיך ניט דא וואס צו וואונדערן. אויסער די שטענדיגע צוויי טעגליכע העברעאישע בלעטער זענען צוגעקומען צוויי נייע און איין צייטונג אין זשארגאן. אזא גערעטעניש מיט איין מאל איז טאקי געוועז שווער צו פערדייען, און אונזער זשורנאליסטיש וועלטל האט אויפגעלעבט, אויף אונזער שמאל קליין געסעלע, איז געווארען א שרעקליכער געפילדער און דער עולם האט אנגעהויבען שטארק צו רעש'ן, יעדער האט זיך געשטעלט ביי זיין קרעמל ווי אין א מארק־טאג מיט א גוואלד: קימט, קומט קונים צו מיר אין קלייטל, מיין סחורה איז בעסער און ביליגער, בחצי חנם! און ערגער פון אלץ איז דאס, אז כמעט יעדע צייטונג, די אלטע און די נייע ריהמט זיך מיט איין מעלה, אז זי געהערט ניט איין פארטיי, אז זי וועט ניט דיענען איין פראגראמע·

## V-טע סצענע

(מאיר און מלכה אין צווייען.)

מאיר. (מיט די הענט) וואס הייסט דאס?... ווי אזוי רופט מען דאס? — וואס פאר א שטוב? — וואס פאר קינדער? —

מלכה. (פארצארענט) דיין שטוב, דיינע קינדער. —

מאיר. און דיין השגחה. —

מלכה. נישט דו האסט דאס באדארפט זאגען! —

מאיר. און דו וואלסט בעסער שווייגען. —

מלכה. שווייגען? איך האב דאכט מיר גענוג געשוויגען... איינגעמידט זיך שווייגענדיג... צייט איך זאל שוין אויך עפיס רעדען... איהר לאזט מיך דען רעדען? לא'ם איך אויסרעדען א ווארט, ווערד א געלענדער!... איך האב דען אויך עפ'ס א דעה?... איך האב קיין שום דעה ניט... און ווער איז שולדיג, אז ניט דו?... דו און דיין געלד, דאס פערשאלטענע געלד, און די דאזיגע שיינע שטאדט, ברענגען זאל זי מיט דעם נייעם שניט! ניט געוועז קיין געלד, איז ניט געוועז קיין טארעראם מיט קיין הארמידער, מיט קיין שמאכטעליאקעס, נישט געוועז די גרויסע שטאדט, האב איך נישט געוואוסט פון קיין שפינגלען מיט קיין פאטעלען, מיט קיין שאפעס, מיט קיין טאפטשאנעס מיט קיין לעס־פעדען...

מאיר. ווידער לעס־פעדען?... ווער האט דאס אויסגעטראכט אז ניט דו?

מלכה. (א פליעסק מיט די הענט) אוי, איך וועל מיר א מעשה אנ־טהון! איך האב עס אויסגעטראכט? איך? דו האסט שוין אפנים פארגעסען, מאיר, אז דו ביזט געקומען צופאהרען פונ'ם גראף, האסט דו אליין געזאגט אז דו וועסט איהם קויפען א לעס־פעדער! איך וויים, איך זאל דאכט מיר לעבען הונדערט יאהר וואלט איז זיך אויך בע־גאנגען אהן א לעס־פעדער! אדרבה, איך האב מורא געהאט דאס קינד זאל זיך חלילה ניט אויסברעכען א פוס, אדער א האנט, האט מען גע־מאכט פון מיר דאס גרעסטע געלעכטער.

מאיר. פערשטעהט זיך אז מע האט געלאכט, ווארום דו ביזט קלוג ווי דעם רב'ס ציג...

מלכה. און דו ביזט דאך טאקי דער גרויסער חכם, ווארום דו האסט דאך געלד!... אוי, אט דאס געלד! איך זאל האבען די ברכות וואס ס'איז געוועזען בעסער אהן געלד ווי איצטער מיט געלד! נישט געוועזען קיין געלד, זענען די קינדער געוועזען קינדער; אצינד זענען די קינדער נישט קיין קינדער, צעווייעט און צעשפרייט אויף אלע זיבען ימים, דער אהער דער אהין, איינער אין ליסי, דער אנדערער אין סטריסי, — א גיהנם; צו וואס טויג מיר דיין געלד, פרעג איך דיך, אז מיינע אייגענע קינדער זענען מיר פרעמד? פארשאלטען געלד, פאר־שאלטען זאל דאס ווערען פון גאט! (וויינט שטילערהייט.)

מאיר. זעה נאר זעה, זי האט זיך עס צעלאזט! זי רעדט אויך פון געלד! גוטע יאהרען! זאג מיר נאר, חכמה מיינע, דו ווייסט האטש דעם טייטש פונ'ם ווארט „מות־געלד"? בהמה, ווען איך האב ניט קיין געלד, וואלט זיך דען מיט מיר משדך געוועזן אזא מיוחס ווי רב משה'לי

נאר זי וויל דווקא א מאנאפאל אויף דעם גאנצען כלל ישראל, אז זי וועט צופרידען שטעלען יעדען בעזונדער אדער פראסטער געזאגט, זי וויל אונ פערלאנגט, אז יעדער יוד זאל ווערען איהר אבאנענט. אונ אין דעם ליעגט טאקי די גאנצע שוועריגקייט פון דעם ענין. ווייל די רעדאקציעס קענען אפען ניט ארויסזאגען זייער מיינונג, ווייל יעדער מוז אין זיך שטיקען זיינע אייגענע איבערצייגונגען אונ כוונות, קומט דערפון ארויס דער טרויעריגער פאל, אז דער לעזער מוז אויך ניט־ווילענדיג פערלירען דעם רעשט אמונה צו אונזערע רעדאק־טארען אונ שרייבערס, אונ דאס איז אפשר אויך די סבה, וואס די ארויסגעבער האבען אויך קיין גלויבען ניט אין זייער אייגענע קרעפטען אונ ביי דער ערשטער געלעגענהייט ביים קלענסטען ווינטל מן הצד פאלט ביי זיי באלד אראב די האנד אונ מאכען פיסס...

קיין ליטעראטור האבען מיר ניט ווייל עס פעהלען אונז לעזער — שרייט מען ביי אונז פון יאהרען אונ אפשר וואלט שוין געווען צייט איבערצוקעהרען דעם פסוק אונ צו זאגען: קיין לעזער האבען מיר ניט, ווייל עס פעהלט אונז א ליטעראטור.

אונזער פאלק לעבט אין גלות חיי שעה, ווילענדיג אדער בעל כרחו מוז ער זיך בעשעפטיגען מיט האנדעל, דאס איז דער אלף אונ דער תיו פון זיין עקזיסטענץ, איהם אינטערעסירט דעריבער די קלענסטע ענדערונג פון דעם טעגליכען לעבען אונ פאר איהם איז זעהר וויכטיג דער מינדעסטער שנוי אין פאליטיק, האנדעל אונ אינדוסטריע. אונ פונדעסטוועגען וועט איהר אומזוסט זוכען אין אונזערע טעגליכע אויסגאבען די אלע פאדערונגען פון לעבען: דארטען קאנט איהר טרעפען שענע מליצות, בעסערע אדער ערגערע ליטעראריש געמנאסטיקער, געלונגענע אדער ניט בעזונדער גע־לונגענע שירים; מיט אייןווארט, אלץ וואס דער רעדאקטאר אדער דער מיטארבייטער האט ליעב, אבער ניט דאס וואס איז נויטווענדיג פאר דעם לעזער.

א פאלקס־שפראך האבען מיר, מיט איהר בענוצען זיך הונדער־טער טויזענדער מענשען, וועלכע פארשטעהען קיין אנדער לשון ניט, די מענשען דארשטען נאך ערציעהונג אונ בילדונג, ווי ביי קליינע קינדער בעדארף מען מיט זיי אנהויבען פון אלף־בית אונ פאמעליך, פאמעליך אויפקלערען אין מח, דערווארמען די הערצער, אויפפרישען רעיונות אונ געבען זיי צו פארשטעהן מיט איינפאכע פשוט'ע ווערטער אלץ, וואס איז זיי ביז יעצט געווען פרעמד, אלץ וואס איז פאר זיי געווען פארבארגען.

קענען אונזערע ליטעראריש קאלעגען לעגען זייער האנד אויפ'ן הארצען אונ יעדער בעזונדער זאל מעגען עהרליך זאגען: עסקתי באמונה? ניין, אונ טויזענד מאל ניין! פון איין זייט קומען צו געהן די אלטע אונ שעלטען מיט טוידטע קללות דעם זשארגאן אונ פון דער אנדערע זייט פערגעסען זיך די נייע, וואו זיי האלטען אין דער וועלט אונ אנשטאט זיך דורכצושמועסען מיט דעם פאלק קלאר אונ דייטליך, שפרינגען זיי מיט א ווילדער פאנטאזיע אין די ווייטע הימלען, ביז זיי פערגעסען די ערד, אויף וועלכער זיי האבען איבער־געלאזט די פינסטערע פער'חשכ'דיגע ברידער.

אט אין אזא צושטאנד בעפינדט זיך אונזער פרעסע, אין ערב ראש השנה פון די צייטונגען. וואס דאס נייע יאהר האט אונז געבראכט וועלען מיר געוואהר ווערען אין דעם ווייטערדיגען נומער פון אונזער פאלקס־צייטונג.

א שרייבער.

---

ויידענשטאמער? פאר געלד, נארעלי, קויפט מען היינט אלסדינג אויף דער וועלט! אונ פערקעהרט, לאז די וועלט נאר אנשמעקען אז איך האב חלילה נישט קיין געלד, איז איין עק, אויס רב מאיר, אונ אויס פאני שלאנט, אויס! זיי דערקענען מיך שוין דעמאלט ניט, אזוי ווי מע האט מיך נישט געקענט אמאל, ניט היינט געדאכט, אז איך האב נאך ניט געהייסען רב מאיר שלאנט, נאר פשוט „מאיר טשאלענט". ע. נארעלי, געלד—דאס איז... דאס לעבען, מיט'ן געזונד, מיט'ן חיות, מיט... מיט... מיט... גאט אליין!

מלכה. (א פליעסק מיט די הענט) ביזט משוגע צי חסר דעה? האסט שוין גאר קיין מורא ניט פאר גאט ברוך הוא וברוך שמו....! (געהט אוועק).

### VI-טע סצענע

מאיר. (איינער אליין געהט ארום הין אונ צוריק) זי וועט מיר דער־צעהלען מעשיות וואס איז געלד; פחע!... לאנג בין איך געקראכען אויף אלע פיער פאר יעדען פארך? וואס איז? איך האב נאר גע־מיינט טאמער וועל איך האבען דורך איהם עפיס אשטיקל טובה?... לאנג ראב איך זיך אויסגעצויגען פאר איין קערבל, איין קערבל אויף אמשכן, איך זאל האבען דעם דאקטאר צו באצאהלען, איך געדענק נאך די טרעהרען... עך, געלטעלעך! געלטעלעך!... ווי זאגט ער: ברוך: געלד אתה: געלד, הי: געלד!... (זעצט זיך צום טיש, פארטיפט זיך אין פאפירען, האפט זיך אויף, קלינגט, קומט אריין דאס שטוב מיידל) חיים שלאפט נאך? רוף מיר אריין מאטווייען (עס קומט אריין מאטוויי אין לאנגע באטפארטנע שטיוועל מיט א בייטשל אין דער האנד).

### VII-טע סצענע

(מאיר אונ מאטוויי.)

מאטוויי. דו האסט מיך גערופען?

מאיר. גערופען... (באטראכט דעם זוהן פון קאפ ביז פיס) וואס איז דאס פאר א מין מלבוש?

מאטוויי. פון געוואנט.

מאיר. איך ווייס אז פון געוואנט, ניט פון גאלד... נאר וואס פאר א פאסאן? (דרעהט איהם אויף אלע זייטען) א בייזע ווייסטע חלשות!... טאמער דערזעהט דער מחותן איז דאס אשיינדעלי...

מאטוויי. אט דא בין איך בדלות;

מאיר. אזוי נאר? ס'איז דאך דיין מחותן!

מאטוויי. איך האב איהם אין דער ערד!... האסט דאך מיך גערופען, פאפאשא? וואס האסט דו געוואלט זאגען?

מאיר. (א קנייטש מיט די פלייצעס) זעע דיך, וועסט דו מיר אנשרייבען א בריף צום גראף, ער זאל ווארטען מיט'ן וואלד, נישט פארקויפען ביז איך וועל קומען, ווארום מע וועט אידם אפנארען...

מאטוויי. דאס איז שוין דיין עסק (זעצט זיך שרייבען).

מאיר. (דיקטירט) „יעווא סיאטעלסטוואו יאסנאוועלמאזשנעמו פאנו זאבלודאווסקאמו"... שוין?

מאטוויי. שוין.

# פאליטישע ענינים.

(די מאראקאנישע פראגע. ענגלאנד בעווארענט זיך געגען רוסלאנד. וואס האט גראף לאמזדארף אויפגעטהון? טשעמבערלען אין דרום אפריקא.)

די מאראקאנישע פראגע, וואס האט ערשט נישט לאנג אזוי בעאונרוהיגט גאנץ אייראפא און פאר וועלכע מען האט זיך אזוי שטארק געשראקען, אז אט באלד ברעכט אויס צוליעב דעם א מלחמה, איז כמעט ווי פערענטפערט געווארען. און פערענטפערט האבען עס נישט די פלאטען וואס ענגלאנד און פראנקרייך האבען אנגעגרייט אריינצושיקען אין מאראקא, מיט דעם אויסרעד, צו בעשיצען זייערע אונטערטהאנען, נאר דער יונגער סולטאן אבדול אזיז אליין האט עס פערענטפערט. דער מאראקאנישער סולטאן, וואס האט זיך אנגעהויבען פריינדלען מיט די איירָאפעאישע מלוכות באלד ווי ער איז ארויף אויף דעם כסא המלוכה, איז א פנים דערגאנגען די כונה פון די איירָאפעאישע רעגירונגען, וואס זיי ווילען איינפיהרען גוטע ארדע-נונגען אין די אזיאטישע און אפריקאנישע לענדער, ער איז דערגאנ-גען, אז זיי האבען אין זינען אסך מעהר זייער אייגענע טובה ווי די טובה פון די אזיאטישע און אפריקאנישע לענדער און ער איילט זיך דעריבער איינצושטילען דעם בונט אין לאנד, כדי ענגלאנד און פראנ-קרייך זאלען נישט האבען קיין אויסרעד אריינצושטעקען א פוס אין מאראקא, וועלכען זיי וועלען שוין קיינמאל צוריק נישט ארויסנעמען. דער סולטאן פון מאראקא איז גרייט זיך אבצוזאגען פון די פריינד-שאפט מיט די איירָאפעאישע רעגירונגען, צוליעב וועלכע בוהאמארא האט אנגערייצט דעם פאלק געגען זיין הערשער און האט בעפרייט דעם סולטאנס עלטערען ברודער מולי מאחמעד, וואס איהם האט איינענטליך געהערט די מלוכה, און האט איהם געמאכט פאר א גע-נעראל-גובערנאטאר אין פעץ און דער סולטאן געהט צוזאמען מיט זיין עלטערען ברודער מלחמה האלטען מיט די מורדים.

און דער יונגער סולטאן איז זיכער, אז דערמיט וואס ער זאגט זיך אב פון די פריינדשאפט מיט די איירָאפעאישע רעגירונגען, וועט ער צוריק געווינען פאר זיך זיינע אונטערטהאנען, וואס האבען איהם באמת ליעב און האבען איהם שוין געוויזען זייער טריישאפט דערמיט וואס זיי האבען איהם, דעם יונגערען ברודער, אויסגעקליבען פאר א סולטאן. בוהאמארא, דער אנפיהרער פון די מורדים, וואס טענה'ט דאס ער וויל נישט די מלוכה פאר זיך נאר פאר מולי מאחמעד, דעם סולטאנס עלטערער ברודער, וועט זיין חיל נישט מעהר קענען אויפרייצען געגען אבדול אזיז, ווייל דער אייגענער ברודער זאגט זיך אליין אב פון דעם קרוין און געהט גאר מלחמה האלטען מיט די וואס נעמען זיך אן פאר איהם. און אומזוסט איז געווען די שמחה פון ענגלאנד און פראנקרייך, אז אט איז דא גוטע געלעגענהייט צווישען זיך צוטהיילען מאראקא, אויף וועלכע מען קוקט שוין אזוי לאנג ארוים, און אומזוסט איז געווען דער שרעק, וואס די איבריגע איירָאפעאישע מלוכות האבען זיך געשראקען, אז עס קאן ווערען א מלחמה צווישען ענגלאנד און פראנקרייך ביי צעטהיילען זיך מיט מאראקא.

ענגלאנד וויל איבערהויפט מיט פראנקרייך נישט זיין צעריסען. פאר ענגלאנד לוינט בעסער צו זיין גוט מיט פראנקרייך, כדי פראנקרייך זאל איהר נישט שטערען אין איהרע פלענער, וואס זי וויל אויספיהרעי אויף דעם באלקאנישען האלב-אינזעל.

אייגענטליך וויל ענגלאנד גאר נישט אויספיהרען אויף דעם באלקאנישען האלב אינזעל, זי האט דארטען גאנץ קליינע אינטע-

---

מאיר (דיקטירט) „אדוני פריץ! אזוי ווי דיר איז ידוע ווי ווייט איך בין דיר איבער געגעבען מיט לייב און לעבען“—שוין?

מאטוויי. שוין.

מאיר. (דיקטירט) „קום איך צו בעטען דיך, אדוני פריץ, אזוי ווי דו ווייסט ווי ווייט געטריי איך בין דיר און איבערגעבען מיט'ן גוף און מיט דער נשמה... נאך דער אלטער פריץ זכרונו לברכה אז ער האט געלעבט“...

מאטוויי. (שפרינגט אונטער אויפ'ן בענקל) טאמער וואלט געווען נעגוג צו חנפה'נען דעם פריץ און קריכען איהם אין דער נשמה אריין? נאך אמאל אדוני פריץ און ווידער אמאל אדוני פריץ!...

מאיר. (אנגעצונדען) דערצעהלכט מיר מעשיות ווי אזוי צו שרייבען צום פריץ א בריף? יונגאטש! איך וויים נאך אפשר אזוי פיעל ווי דו, חאטש דו נעהסט אין לאנגע שטיוועל!

מאטוויי. אז דו ווייסט, טא שרייב אליין! (טהוט אוואַרף די פען און געהט אוועק.)

מאיר. א וואהלער זוהן!... א גראטענער בן! טאקי כדאי גע-וועז אויס שיטען אזוי פיעל געלד צו גרייכען אזא שידוך פון דיינעט-וועגען!. (קלינגט צום שטובמיידל) רוף מיר אריין חיימ'ן) (עס קומט אריין חיים א פארשלאפענער.)

### VIII-טע סצענע

(מאיר און חיים.)

מאיר. זעץ זיך וועסט דו מיר אנשרייבען אפאר ווערטער. וואוהין שלייעסט דו זיך ארום גאנצע נעכט? וואס איז דאס פאר זאסעדאניעס?

חיים. פון ציוניסטען.

מאיר. וואס פאר א מחותן ביזט דו מיט ציוניסטען?

חיים. א גוטע מעשה! איך בין דאכט זיך א יוד צי ניין?

מאיר. א יוד ביזט דו? וואס זאגט איהר אויף דעם יודען? א שנעק ביסט דו נאך, זאלסט דו מיר מוחל זיין, א מאלאקאסאס! (חיים דרעהט זיך אוים און לאזט זיך געהן צו דער טיר; דער פאטער שטעלט איהם אפ) הער נאר, דו, ציוניסט מיינער! לאמיך זעהען אז דו וועסט מיר ארומגעהן מיט די דאזיגע שלעפערם!

חיים. וואסערע שלעפערם?

מאיר. אט די וואס ווילען אונז איבערפיהרען קיין ארץ ישראל!

חיים. ארץ ישראל איז גאר ניט אזא בזיון.

מאיר. „ארץ-ישראל-יודען“ געווארען!

חיים. וואס האבען זיי דיר געטהאן, וואס דו ביזט אזוי אויפ-געטראגען?

מאיר. איך האב פיינט אז מע מאכט זיך נאריש... ציוניסטען גאר! פוסטע פאסניקעס, ליידיגגעהערס, האבען ניט וואס צו טהון!

חיים. זאלסט זיך לאזען רעדען, וואלט איך דיר ערקלערט דעם ענין...

מאיר. דו וואלסט מיר ערקלערט? וואס זאגט איהר אויף דעם הכם? די נאז שנייץ אוים! (חיים געהט אוועק, ער שרייט איהם נאך) ציוניסטען געווארען; נייע שתדלנים: משוגעים! (קלינגט, עס קומט אריין מאשא.) רוף מיר אריין חנה'ן! (עס קומט אריין חנה.)

(פארטזעצונג קומט).

רעסען, איהר געהט נאר אין דעם, אז רוסלאנד זאל דארטען זיין פער־נומען און זאל איהר לאזען פריי הערשען איבער אינדיע.

א טהייל פון איהרע גרויסע עשירות האט ענגלאנד, ווי עס איז בעקאנט, צו פערדאנקען אינדיע. אינדיע איז ענגלאנדס שאצקאמער און דעריבער איז דעם ענגלישען קעניג זעהר ליעב דער טיטול „קייזער פון אינדיע" און קעניג עדוארד דער זיבענטער האט זיך נישט לאנג געלאזט עקסטרא קריינען מיט דעם נייעם טיטעל און מיט גרויס פאראד און כבוד, וואס עס קאן נאר אויסטראכטען די פאנטאזיע פון א וועלט-הערשער. ביז נישט לאנג איז ענגלאנד געווען זיכער, אז קיינער וועט איהר נישט קענען שטערען אין אינדיע. שפעטער אבער, אז די רוסישע רעגירונג האט איהר ממשלה אין אזיע פערברייטערט און איז שוין גאר גישט ווייט פון אינדיע, האט ענגלאנד שטארק מורא, אז רוסלאנד זאל איהר אמאל נישט שטערען איהרע אינטערעסען אין אינדיע און דעריבער בעמיהט זיך די ענגלישע פאליטיק, פון צייט צו צייט אונטערצוואוארפען פייער ביי די סלאווען, וואס וואהנען אויף דעם באלקאנישען האלב אינזעל, כדי עס זאל זיך דארטען מאכען א שרפה און רוסלאנד, וואס איהר איז די זאך מעהר נוגע ווי אלע אנדערע מלוכות, זאל עס מוזען לעשען און וועט דערווייל פערגעסען אן אינדיע. עס איז מעהר קיין סוד נישט, אז אלע ארמעניער־פראגען, מאקעדאנישע פראגען, גריכישע פראגען וואכסען פון ענגלאנד. רוס־לאנד האנדעלט אבער נישט אליין אויף דעם באלקאן, איהר העלפט אין אלץ פראנקרייך, מיט וועלכע רוסלאנד האט א בונד געשלאסען. דאס געפעלט אבער נישט ענגלאנד, וועלכע וויל דורכאויס, אז רוסלאנד זאל זיין אליין בעשעפטיגט מיט דעם באלקאנישען האלב אינזעל און מוז זיך דעריבער האלטען גוט מיט פראנקרייך.

די רוסישע רעגירונג פערשטעהט דאס אלץ זעהר גוט און האט דעריבער געשיקט איהר מיניסטער פאר אויסלאנד גראף לאמזדארף, ער זאל דעם מאקעדאנישען פייער זיך נישט לאזען פונאנדער פלא־קערען. גראף לאמזדארף האט מיט זיין לעצען בעזוך אין וויען אויך די עסטרייכישע רעגירונג בעקומען צו רוסלאנד און לעת־עתה איז דער פייער אין מאקעדאניע איינגעלאשען און ענגלאנד האט ווידער מורא, אז רוסלאנד זאל זיך נישט אריינמישען אין איהרע אינטערעסען אין אינדיע.

דערפאר איז אבער ענגלאנד זיכער מיט איהר נצחון אין דרום אפריקא און לארד טשעמבערלען, וואס איז נישט לאנג אנגעקומען אין טראנסוואל, שיקט איהר גוטע בשורות, אז די בורען זענען שוין כמעט גאנצע ענגלענדער געווארען, אז זיי האבען שוין פערגעסען די שנאה פאר די פערגאסענע בלוט, א ראיה, אז זיי זענען גרייט צו געהן העלפען ענגלאנד וואו מען וועט זיי נאר שיקען, צי געגען דעם מ ו ל א ה אין סאמאלי־לאנד, צי אין ו ע נ ע צ ו ע ל א געגען קאסטרא, אבי נאר קענען אבדינען ענגלאנד פאר די טובות וואס זי האט מיט זיי געטהאן, פאר איהר אונטערנעמען זיך זיי צו מאכען פון פריי־ווילדע בורען פאר דרעסירטע, ציוויליזירטע ענגלענדער.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— אין דעם רוסישען מיניסטעריום פאר וועגען און באהנען ארבייט זיך אויס א פלאן, צו פעראייניגען דעם שווארצען ים מיט דעם באלטישען ים.

— א מאסקאווער רייכער אפטייקער האט נעשאנקען 200,000 רובל, צו מאכען איין אפטייקער־אינסטיטוט, אין וועלכען מען זאל אריינעמען מאנסבילען און פרויען, וואו זיי זאלען זיך קענען לערנען צו זיין אפ־טייקער.

— אין קורצען וועט מען אין פעטערסבורג עפענען א הויז צום נעכטיגען פאר ארעמע לייט; אויף וועלכער דער פראנצויזישער פרע־זידענט ל ו ב ע האט נעגעבען 25,000 רובל בשעת ער איז געוועזען אין פעטערסבורג.

— די נייע רייזע־פעסער, וועלכע מען גיט ארויס אין ווארשא אויף אייביג, וועט מען געבען נישט נאר די וואס זענען צוגעשריבען אין ווארשא, נאר אפילו די וואס וואהנען אין ווארשא, לויט געזעצע וועגען פאספארטען פון 1־טען טהייל 2טער פונקט.

— די הוצאות פון דער רוסישער ממשלה, וואס מען האט אויס־גערעכענט אויף דעם יאהר 1903, בעטרעפען מעהר אלס צוויי מיליארד רובל. אין יאהר 1893 האבען זיי קוים בעטראפען א מיליארד. די הוצאה האט זיך אלזא אין א משך פון 10 יאהר פערגרעסערט אויף א גאנצען מיליארד.

— אין קיעוו וועט מען בעשטימען איין אבער פאליציימייסטער און די פערוואלטונג איבער דער פאליציי וועט נישט מעהר געהערע דעם קיעווער גובערנאטאר, נאר דעם אבער פאליציימייסטער.

— אין דעם יוסטיץ־מיניסטעריום אין רוסלאנד ארבייט זיך אויס א פלאן, איינצופיהרען אין רוסלאנד אזוי ווי אין די מערב אייראפעאישע לענדער „בעדינג־שטראפען", דאס הייסט, אז ווען איימיצער רעגעהט אזוינד דאס ערשטע מאל און די ריכטער וועלען איהם, למשל, אפ־משפט'ן צו זיצען אין אסטראג, זאל מען איהם נישט אריינזעצען דער־ווייל; וועט ער נאך אמאל די זינד נישט בעגעהן וועט מען איהם די שטראף שענקען, וועט ער עס אבער נאך איינמאל בעגעהען זאל מען איהם פאר ביידע מאל בעשטראפען.

— דער דייטשער קראנפרינץ פריעדריך איטעל איז אנגעקומען אין פעטערסבורג, וואו דער רוסישער קייזער האט איהם זעהר פריינד־ליך עמפפאנגען.

— דאס עסטרייכישע מיניסטעריום דעס אינערן האט מבטל גע־וועזען דעם געזעץ, וואס האט ביז היינט עקסיסטירט פאר די רוסישע אונטערטהאנען, וועלכע פאהרען אין עסטרייך, זיי זאלען זייערע פעסער פאר דער רייזע בעשטעטיגען ביי דעם עסטרייכישען קאנזול.

— אין דעם קאלענדער פון דעם עסטרייכישען קייזערליכען הויף פאר היינטיגעס יאהר איז אין דער צאהל פון די קייזערליכע פרינצען נישט אריינגערעכנט דער ערצהערצאג ל ע א פ א ל ד פ ע ר ד י נ א נ ד, דער ברודער פון דער אנטלאפענער זאקסישער קראנפרינצעסין.

— די זאקסישע קראנפרינצעסין איז מיט איהר געליבטען זשי־ראן אוועק פון זשענעווא קיין מענטאן אין פראנקרייך.

— דער בעוואוסטער סאציאליסטען־דעפוטירטער זשארע אין פראנקרייך איז אויסגעקליבען געווארען צום וויצע־פרעזידענט אין פאר־לאמענט.

— דאקטאר סארמאן אין דער אוניווערזיטעט פאדאבא, אין אי־טאליע, האט ענטדעקט דעם מיקראב פון שנעון.

— קרינער, דער געוועזענער פרעזידענט פון טראנסוואל, האט פערקויפט זיינע גיטער אין טראנסוואל פאר 400,000 רובל און דאס געלד

האט ער געשאנקען פאר די בורען, וואס האבען געליטען היזקות פון דער לעצטער מלחמה מיט ענגלאנד.

— אין טראנסוואל געפינען זיך לויט די סטאטיסטיקע 3,000 אלמנות און 4,000 יתומים. די פרויען און קינדער פון די בורען, וועלכע זענען נע׳הרג׳עט געווארען אין די לעצטע מלחמה מיט ענגלאנד.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער „הצפירה“ שרייבט מען אויס קיעוו, אז נישט לאנג האט מען דארט געעפענט א שפיטאל פאר ארעמע אויגען־קראנקע, סאי פאר יודען סאי פאר נישט יודען. דער שפיטאל איז געבויט געווארען אויף די קאסטען פון דעם יודישען נדיב מאקס זאקס. דער דאזיגער נדיב האט געגעבען 55,000 רובל אויפצובויען דעם שפיטאל און האט געלאזען א „פאנד“ פון 40,000 רובל פאר דעם שפיטאל, א חוץ דעם וועט ה׳ זאקס געבען יעדעם יאהר 1,500 רובל אויף אויסהאלטען די קראנקע. אין דעם דאזיגען שפיטאל געפינען זיך 16 בעטלעך. דער אויבער דאקטער איז דער בעוואוסטער יודישער פראפעסאר מאנדעלשטאם.

— אין אדעסא איז געגרינדעט געווארען א נייע חברה, וועלכע האט דעם צוועק צו גרינדען קאלאניעס פון ערד ארבייט פאר די יתומים, וועלכע האבען זיך ערצויגען אין דעם אדעסער יודישען יתומים־הויז.

— די חברה יודישע לעהרער אין לאדז האט בעשלאסען צו מאכען זעהר אפט „לעז אבענדע“. אין וועלכע מען וועט פארלעזען פאר דעם נישט געבילדעטען יודישען עולם, פערשידענע וויסענשאפטליכע בעהאנדלונגען.

— דער לעהרער־קאנגרעס אין מאסקווא האט בעשלאסען צו פערבעסערען די לאגע פון די יודישע לעהרער.

— איינינע חברים פון דער הברה „מרבי השכלה“ אין פעטערסבורג, האבען ביי זיך צו הויז אנגעשלאגען פושקעס, צו זאמלען אין זיי נדבות לטובת החברה, ווייל איהרע הוצאות האבען זיך אין די לעצטע צייט שטארק פערגרעסערט.

**דייטשלאנד.** נישט לאנג איז אין בערלין געוועזען איין אספה ביי די ארטהאדאקסישע רבנים, וועלכע האט געדויערט צוויי טעג. אויף דער דאזיגער אספה זענען זיך צוזאמענגעקומען 25 רבנים. צווישען זיי אויך אנדערע בעוואוסטע ווי: ד״ר בערלינער אויס בערלין, ד״ר פיילכענפעלד אויס פויזן, ד״ר האראוויץ אויס פראנקפורט־אם־מאין און נאך אנדערע.

— די חברה „למען ציון“ אין פראנקפורט אם מאין האט געשיקט פאר די ארעמע יודען אין ארץ ישראל, וועלכע האבען געליטען פון דער חלי־רע און הונגער, 20,000 מארק און 150 זעק מעהל.

— דער „קעלנישען צייטונג“ שרייבט מען אויס מעץ, אז א געוויסער דייטשער סאלדאט, וועלכער האט געדיענט אין אלזשיר, וואס געהערט צו פראנקרייך און איז נישט לאנג פון דארטען צוריקגעקומען, האט עדות געזאגט פאר געריכט, אז זיינער א קאלעגע, וועלכער האט אויך געדיענט אין אלזשיר, האט זיך פאר איהם מודה געוועזען, אז ער האט אוועקגעהרג׳עט דעם סטודענט ווינטער אין קאניץ (איבער דעם ווינטער האט מען בעשולדיגט יודען מיט א בלוט־בלבול. דער סאלדאט האט געבראכט אסך ראיות און בעוויזען און עס האט זיך אנגעהויבען א חקירה ודרישה וועגען דעם.

**פראנקרייך.** דער ביי וועלכער הערשט איבער טוניס (טוניס שטעהט אונטער פראנקרייך׳ס שוץ) האט געשאנקען די יודישע קהלה אין טוניס א גרויסע שטיק פלאץ צו בויען א שוהל.

**ענגלאנד.** אין לאנדאן איז פארינע וואך געשטארבען דער לארד פארבריט, וועלכער האט אמאל געהייסען באראן וואָרמס און האט זיך אויסגעצייכענט אמאל מיט זיינע ניצליכע ארבייט פאר די יודישע קהלה אין לאנדאן.

**רומעניע.** אין רומענישען פארלאמענט איז די צייטען געוועזען א הייסער ויכוח צוליעב א בקשה, וואס א יוד האט דערלאנגט, מען זאל איהם געבען בירגער רעכט. איינער פון די אבגעארדענטע האט געזאגט, דאס די רומעניער צייכענען זיך אויס מיט זייער סבלנות צו פרעמד גלויביגע מעהר ווי גאנץ אייראפא.

**מאראקא.** דער צושטאנד פון די יודען אין מאראקא איז זעהר שרעקליך, דאס רוב יודישע איינוואהנער צעלויפען וואו זיי קענען נאר.

## עמבער און דרייפוס.

אונזערע לעזער ווייסען שוין, אז פאטי דע קלאם וויל צוזאמענמישען דעם משפט פון דרייפוס מיט די שווינדלער עמבער, ער זאגט, אז פרוי עמבער האט געפועל׳ט ביי דעם פראנצויזישען מיניסטער פאר אויסלאנד, ער זאל פעלשען א דאקומענט פון דרייפוסענס טובה וועגען. דערויף האט יוסף ריינאק געשיקט א בריעף צום סליעדראזאטעל ליידע, אין וועלכען ער איז מבטל דעם בלבול וואס פאטי דע קלאם האט אויסגעטראכט.

ריינאק ברענגט די בעקאנטמאכונג פון דעם קאסאציאנס געריכט, אין וועלכען מען ווייזט אויס, אז דער גענעראלשטאב, וועלכער האט פערמשפט דרייפוסען, האט דריי מאל געפעלשט די טעלעגראמע, וואס דער איטאליענישער אטאזש פאניזארדי האט געשיקט. די ערשטע פעלשונג האט מען לויט דעם בעפעהל פון דעם דאמאליגען פראנצויזישען קריגס־מיניסטער מערסיע, איבערגעגעבען צו די שופטים, וואס האבען דרייפוסען געמשפט; די צווייטע פעלשונג איז געמאכט געווארען אין יאהר 1898 דורך דעם גענעראל גאנז צוזאמען מיט פאטי דע קלאם און אנרי (וועלכער האט זיך אליין דאס לעבען גענומען)! די דריטע פעלשונג האט פאטי־דע־קלאם געגעבען דעם גענעראל מערסיע, ער זאל עס געבען דעם גענעראל שאנואן ביי דעם צווייטען דרייפוס־משפט אין רען.

ריינאק זאגט ווייטער, אז פאניזארדי אליין האט בעשטעטיגט דעם נוסח פון דעם טעלעגראם לויט ווי דאס מיניסטעריום פאר אויסלאנד האט עס דערקלערט. דער סליעדראזאטעל קאן לאזען רופען דעם אמאליגען פאלקאווניק און דעם היינטיגען גענעראל פאניזארדי און איהם אויספרעגען, דען דער איטאליענישער געזאנדטער טארנעלי האט וויפיעל מאל צוגעזאגט דעם הערן האנאטא (דער געוועזענער פראנצויזישער מיניסטער פאר אויסלאנד), אז פאניזארדי איז צו יעדער צייט גרייט צו קומען פאר די פראנצויזישע שופטים און זאגען אלץ וואס ער ווייסט, דאס איז אויך גרייט צו טהון דער דייטשער גענעראל שווארצקאפען.

## בריעף פון ליטא.

די ליטווישע געגענד רעכענט זיך פון אייביג אן פאר א מקום תורה וחכמה; אין ליטא, זאגען אונזערע ברידער אין אלע אנדערע ערטער, זענען גאר קיין פראסטע מענשען ניטא צווישען יודען. אמאליגע יאהרען, אז עלטערן האבען געוואלט א קינד שיקען לערנען תורה פון ווייטע ערטער, האט מען געשיקט אין ליטא, אין איינע פון די ישיבות וואס זענען דארט געווען.

און באמת איז נאך אין ליטא געבליבען רעשטען פון איהר אמאליגע גרויסקייט: נאך עד היום קענט איהר אין ליטא געפינען

צווישען אלטען דור, מענשען, וועלכע אין איין אנדער ארט געפינט איהר ניט: איהר זעהט א יודען, וואס אויפ'ן אויסזעהען איז ער צוזא־מען מיט זיין אפגעטראגענעם אלטען קאסטיום קיין צוויי קאפיקעס ניט ווערט; פריבט רעדט מיט איהם, האט איהר פאר זיך א מענשען פול תורה והשכלה, א הייסען קלוגען יודען, א ברייטע ווארעמע הארץ, גוטעס צו טהון דעם צווייטען, זיך מקריב זיין פאר יענעמ'ס א טובה.

דאס איז נאר איינצעלנע רעשטען געבליבען פון ליבען טהייערען "אמאל" וואס איז אוועקגעגאנגען פון די גוטע יאהרען, ווען יודען האבען זיך בעסער געלעבט: יעצט אבער שטייט ליטא אין אלגעמיין ניט אפ פון אלע אנדערע ערטער מיט די הנהגות אין פרט און אין כלל־אינטערעסען: עס איז גאר ניט זעלטען אויך צו געפינען דארטען אין ענגען שמאלען יודישען ווינקעל, אזעלכע ענינים און "שיינע מעשי'ם", וועלכע די קריטיק קאן ניט פערשווייגען און מוז זעהען זיך מיהע געבען זיי אויסצובעסערען. גאר גאנץ זעלטען איז דארטען צו געפינען אחדות און שלום אין געמיינדע־לעבען; די קהלות פיהרען זיך מעהרסטענטהיילס ווי אומעדום ביי יודען אין אלע יודישע ערטער, וואס קיין שלום אין זיי איז ניטא: זאגט איינער נאכט דארף דער צווייטער זאגען טאג, איינער זאגט זאל זיין אזוי, מוז דער אנדערער זאגען דוקא ניט.

גאר ניט ווייט זוכענדיג, אליין די "הויפטשטאדט" פון ליטא, דער רעכטער שפיגעל, וואס מען רופט עד היום צוליב אמאליגען כבוד "ירושלים דליטא", האט זיך די לעצטע צייטען ניט אזוי שען געוויזען מיט איניגע זאכען, וואס דארטען איז פארגעקומען דעם יאהר, וועלכע וואלטען ניט טרעפען אמאליגע צייטען, ווען דארטען האבען געלעבט די ריכטיגע פיינע יודען, אהן פניות, חנופה און צביעות. זיי וואלטען זיך סטארען אזעלכע זאכען מיט גוטען דורכמאכען, מיט גוטע רייד, פיינקייט און איידעלקייט, און וואלטען געוויס הערען יענעמס דעה, די רייד פון "צד שכנגד" אויך, און הערענדיג, אז זי איז גלייך און קאן פיעל מענשען נוצען ברענגען, וואלטען זיי מסכים געווען, און ניט גען, למשל, אונטערמסר'ן און אנריידען כל דבר אסור אויף ר' מתתיהו שטראשונס ביבליאטהעק, באלד דעם זעלבען טאג ווי זי האט זיך געעפענט, נאך דער גרויסער מיהע און אומקאס־טען, וועלכע עס האבען ניט געשוינט, איניגע זעהר אנשטענדיגע ווילנער משכילים און הייסע פאטריאטען.

נאך דעם, אז גאט האט געהאלפען און אהין איז געקומען דער גרויסער בעוואוסטער "גלגול ארויסטרייבער", וועלכען די דארטיגע מלמדים האבען אויסגעשריבען צו שעלטען די ציוניסטען מיט זייער חדר מתוקן, ניט אין קליינע מנינים נאר אין גרויסע קלויזען, האט ער גאר די שטאדט געקערט, און גאטס קאזאקען האבען פון איהם פול נחת געקליבען, (מעהר וויפיל דער גראדנער גלגול וואס איז נעביך דורך איהם נע ונד געווארען), און עס האט זיך גאר קיינער ניט געפונען איהם דאס מויל צו צומאכען, וועלכעס איז פול נארישקייט, קללות נמרצות און גלאט נבול פה, וואס מען קאן גלויבען, אז אפילו זיינע גוטע ברידער, זיינע חסידים, איז אויך ניט גאר געשמאק צו הערען; בפרט אין אזא ארט וואו א זעלכע רייד רעכנען זיך פאר איין גרויסע

זינד, און קיין אנדערער אויסער אזא צדיק וישר וועט זיי דארטען ניט ריידען.

אזא סצענע, נאר אביסל אנדערש, איז דארטען ניט לאנג פאר־געקומען אין דער גרויסער שוהל. דארט איז א מנהג פון אייביג אן, דער שטאדט־מגיד זאל זאגען מוסר פאר'ן עולם, און דאס האט געזאגט א מענש וועלכער גלויבט, אז ער האט א רוח הקודש. "די נייע אפיקורס'ישע מעטאדעס צום לערנען לשון הקודש, האט ער נעביך געקלאגט, האבען "זיי" לכתחילה געמאכט, כדי די תורה זאל פארגעסען ווערען ביי יודען, לכן טייערע ברידער, אז איהר וועט ניט הערען וואס די לעהרער זאגען אייך און איהר־וועט ניט שיקען אייערע קינדער אין "חדר מתוקן" וועט אייך גאט בענטשען, און אז יא, זאלט איהר וויסען זיין, זענט איהר פארשאלטען פון גאט".

אט דעם זיסען מוסר האט א שטאדט־מגיד אין אזא גרויסע שטאדט געזאגט פאר א גרויסען עולם.

ווי איהר זעהט, פעהלען ניט דארטען קיין ערליכע יודען, און יודישע נשמה־פערזארגער, גאטס־קאזאקען, וועלכע זארגען פאר די יודישע נשמה, פאר יודישקייט: דערפאר איז דארטען גאנץ זעלטען צו געפינען חאטש וויפיעל עס איז מענשען זאלען זארגען פאר דעם גוף פון זייערע ארימע געדריקטע ברידער, זעהען אריינגעהן אין זייערע לאגע. ווען דארטען וואלטען זיך יא געפונען אזעלכע מענשען, קאן מען אפשר רעכענען, אז די דארטיגע טאקסע־קאראבקא וואלט זיך ניט געהעכערט מיט איין מאל אויף גאנצע דריי און דרייסיג טויזענד רובל. ניט לאנג זענען דארטען געווען די טארגעס, האט זיך געפונען א קהלס־פערזארגער, וואס וויל די קאראבקא (?) רייך מאכען, און האט זיך פאראנאנדער געשאטען און געגעבען מיט איינמאל מעהר מיט דריי און דרייסיג טויזענד רובל, דאס הייסט הונדערט זעכס און פיערציג טויזענד, אנשטאט הונדערט דרייצעהן, ווי עס איז פריהער געווען.

אויף וואס זעהענדיג ?.

וואס הייסט ? עס פעהלען דען חלילה קיין עין הרע ארימע לייט אין ווילנא ?

אלזא שלעפט, ברידערלעך, שלעפט דעם גרויסען אנגעלעגטען פאק אייערען! בייגט מעהר איין אייער איינגעבויגטען קרומען קארג, און שלעפט דעם יאך כל זמן איהר אטהעמט, כל זמן אייער נשמה האלט זיך אין אייער שוואכען גוף, און אייערע שוואכע מידע פיס שלעפען איהם! קיין בייז זאל ניט זיין; אט לעבט איהר דאך און שטארבט ניט חלילה, זיצענדיג דארט אויף דער יודישער גאס, און נאך אזעלכע גאסען ענגע, שמוציגע און אין נאסע הייזער, אין וועלכע די זון איז א גאנץ זעלטענער גאסט, און פרישע לופט נאך זעלטענער: אט קוקט איהר דאך און זעהט צו ווי אייערע קליינינקע קינדערלעך, די אונשולדיגע פייגעלע, קרענקען מיט דער ענגלישער קראנקהייט, האבען קיין טראפען בלוט אין די בעקעלעך און קענען זיך פון ארט ניט ריהרען; דאס זעהט איהר דאך צו און שטארבט ניט חלילה פון עגמת־נפש; קיין בייז זאל ווייטער ניט זיין, איהר וועט מיט גאטס הילף לעבען ווי איהר האט געלעבט מיט א פאר פונט

ביינער אויף שבת; אי טאמער וועט דאס קאסטען עפּיס טהייערער, מה רעש?

שלעפּט ברידערלעך שלעפּט, בייגט איין מעהר אייער איינגעבויגטען קארק אונטער דעם אנגעלעגטען הויכען פּאק!

— ביז וואנען ליבער פריינד? הער איך פרעגען.

— ביז גאט וועט העלפען און מיר וועלען פּטור ווערען פון דעם סארט שטאדט־בעלי־טובות, קהל׳ס־פארזארגער!

מיט אזעלכע מינים שענע מעשיות האט זיך אונזער עיר ואם בישראל די לעצטע צייט אויסגעצייכענט, און גאר אין א קורצע צייט, אין א פערלויף פון איין האלב יאהר.

הליטאי.

---

# אויף דער עלטער.

(ערצעהלונג)

א ווינטער טאג.

ביי בערען דעם אלטען איז שוין נאכ׳ן אנבייסען. ער ריקט אוועק פון זיך דאס לעהמען שיסעלע מיט וואסער, וואו עס זענען נאך איבערגעבליבען עטליכע שטיקלעך הארטע ברויט און ווייקען זיך: מעהר וויל ער שוין ניט עסען. ער בענשט און זאגט „רחם“ מיט כונה, און אין מיטען „זוננו“ צעגעניצט ער זיך אויף לאנג.

עס טהוט איהם באלד א טרייסעל אינעווייניג, — אומוט און קעלט דרינגען איהם דורך.

און דעם אלטען פערגליסט זיך א ווייכע קאנאפּע, אויסציהען זיך און איינדעקען זיך מיט א ווארעמע קאלדערע... אך, ווי ווארעם עס וואלט געוועזען! — די אלטע ביינער... ס׳ווילט זיך ניט נעהען...

פאר די אויגען אבער שטעהט איהם זיין הארטער האלצערנער בעט־בענקעל, — און איהם דאכט זיך, אז פון איהם ציהט עס די קעלט די רייע פּראסטיגע חמארע... אויפ׳ן בענקעל ליעגט א זאך, וואס איז אנגעפילט מיט היי, א קליין קישקעלע, א צעטראטענע אין א בּרידיגען העמדל, דא אויך וועלגערט זיך זיין אלטער אויבער־בגד, זיין טאגענדיגער מלבוש און זיין ביי נאכטיגע קאלדערע.

„עך“, — מאכט דער אלטער אין די געדאנקען: „בעסער זעצען זיך פרידהרען, איידער אויף אזא געלעגער לייב־און־לעבען צעברעכען“...

און רב בער וועט זיך טאקי זעצען און וועט לאטען... שמוצערט אוים דער אלטער מיט די ליפּען און וויל זיך לוסטיג מאכען.

א ווייליע שטעהט ער קעגען זיין טישל און קוקט זיך צו, ווי ניט א היעגער דא און רעדט פאר זיך: „פאדעם האב איך דאך, ווייסע פאדעם און שווארצע, געוואנד אויף לאטעס האב איך אויך, די ארבייט דארף איך פארטיג מאכען — אם־כן, פאר וואס זאל איך ניט נעהען?“.

... ס׳איז אבער קאלט... ס׳שלעפערט מיך...

און דער אלטער קעהרט זיך אום און בלאזט אין דער געדיכטער פארע — קוים וואס עס בעוועגט זיך...

— נו, נו, רבונו־של־עולם! — זאגט ער ארוים מיט פעריבעל און קלעטערט אויף זיין בענקעל.

עס איז איהם קוים געראטען „א נאדעל פאדעם“ צו מאכען: דאס אויג זעהט שוין ניט, די פינגער זענען געפרוירען, ניט א בויג צו טהון. ענדליך האט ער זיך איינגעזעצט, איין פוס אונטער זיך פערבויגען, די צווייטע — פאראוים אויסגעצויגען, אויפ׳ן שוים ביי איהם ליעגט דאס אלטע מלבוש, וועלכען ער לאטעט, און דער אלטער בערע נעהט.

לאנגזאם, שטיל, א שטאך נאך א שטאך.

אבער די הענט פערבלייבען באלד אויסגעשפּרייט אויפ׳ן בגד דאס נאדעל אין „שטאך“ פערשטעקט — דער אלטער האט איינגעדרימעלט.

ערוואכענדיג, רייבט ער זיך די אויגען; איבערהויפּט פערמאכט זיך איהם דאס לינקע אויג.

ער קלערט, פון וואנען נעמט זיך צו איהם היינט דער שלאף: צי פון דעם זאטען צובייסען? צי פון דעם ווארעמען אויבען, אויף וועלכען ער זיצט?...

און זיין גרויער קאפּ פאלט צו צום ברוסט, און זיין גרויע בארד בויגט זיך אב און שפּארט ארוים פאראוים עפּיס אזוי, אז זי „שטעכט“ איהם די אויגען...

„פּע מאוס: א זקן א יוד מיט אזא ווייסען בארד זאל נאך זיצען און נעהען“...

אזוי, דאכט זיך איהם, שפּעט פון איהם זיין בארד.

ער פערשפּרייט דעם אלטען מלבוש און וויל בעטראכטען, ווי גוט ער האט איהם אויסגעארבייט, אזא שמאטע ווי דאס איז געוועזען,

— קלערט ער — און איצט איז עס א בגד געווארען!

„א מענש, להבדיל איז אויך אזוי“... קומט איהם אריין א מחשבה און ער דערמאנט זיך אויף דעם אלטען משה חיים נחומ׳צים, וועלכער איז אויף דער עלטער נאך שענער געווארען... אין די ריינע שיכעלעך מיט די ווייסע זעקעלעך איז ער א שענער יוד געווארען..

און ווידער דאכט זיך איהם, אז זיין ווייסער בארד שפּארט איהם אין די אויגען אריין, פערמאוס׳ט איהם זיין לעבען און שפּעט אויס פון זיין אלטען מאגערען גוף, וואס איז געהויקערט און פערוויסטעט—

און דער אלטער ווערד אין כעס.

צוליעב וואס האלט ער זיך דא אזוי לאנג אויף דער ערד? א שוטה, פערשפּעטיגט...

און ער דערמאנט זיך פלוצלינג, אז אזא שוטה, ווי ליבע ברוכ׳ס האט קלוגער פון איהם אבגעהאנדעלט מיט דער וועלט: פריה אוועק פון איהר.

פון די זכרונות וועגען ליבע ברוכ׳ס צעגיעסט זיך עפּיס א ווארעמקייט אין דעם אלטען, ער איז גובר זיין שלאף גאר און גאנץ, און שטיל און לאנגזאם נעהט ער און דערמאנט זיך די יונגע יאהרען.

די יונגע יאהרען — צו וואס ברויכט מען זיך צו עלטערען?

א פּאר יונגע לייט — ער און זיין שותף: ליבע ברוכ׳ס — פלעגען זונטאג פאר־טאג ארוים געהן פון שטאדט, די קלומיקלעך אויף די פּלייצעס, א שטאך אין דער האנד און מארש א דורך פעלד און וואלד! זיי פלעגען געהן אין די דערפער און אין די פּריצ׳ישע הויפען אויף ארבייט, און אויף שבת נאר פלעגען זיי זיך צוריק קעהרען אהיים אין שטאדט.

יונג, פריש און געזונד איז בערע דענסטמאל געווען. א גאנג איז פאר איהם קיין טרחה ניט געווען און די ארבייט — ניט שווער. ער איז שטענדיג אויפגעלעגט געווען און פרייהליך, ער האט ליעב געהאט צו פיהרען ויכוחים מיט די פריצים, ווערטלען זיך... ליבע פלעגט זיך מיט איהם קריעגען פאר דאס:

— זעה, דו רוק אויף זיך אן בעסער „א טויבע הימעל"...

— עס קריכט ניט אויף מיין קאפ... ענטפערט ער אב.

— יא, — טראכט דער אלטער וועגען זיך: א דאסטיגער יונג איז ער געוועזען אין דער יוגענד. אמאל ווינטער־צייט האט ער מיט ליבען געגעהט ביי קאזאנסקין אין הויף, האט ער זיך דערוועגט צו זאגען איהם אזא שטאך־ווערטל: „קליידער מאכען פאר לייט — זאגט מען ביי אונז"...

— ביי אייך!... — האט קאזאנסקי אויסגעשריגען מלא־רצח: אל־די שמד־שטיק קלערט איהר אויף, שפל'ע זשידקעס!

און ער האט זיי באלד ביידע פון שטוב ארויס געיאגט.

און אויף דער גאס איז געווען ניט טאג און ניט נאכט, ניט קיין הימעל און ניט קיין ערד איז געווען צו זעהען—אין דער טונקעלער לופט האט א פייכטער ווינד געיאגט און געפאטשט אין פנים אריין... זיי האבען קוים אנגעטאפט צו א קרעטשמע ערגיץ.

ליבע האט דענסטמאל געשאלטען פאר כעס.

אבער איצט ליעגט ער שוין רוהיג. ער ליעגט טאקי אונטער „א טויבער הימעל"...

און בערע דערמאנט זיך ליבעס לויה.

א ווילע רייסט ער זיך אב פון זיין ארבייט, ער שטעלט אויס זיינע טונקעלע גרויע אויגען, גלייך ווי אט זעהט ער פאר זיך איצט די לויה.

ס'איז געווען א ווינטער־טאג. אויפ'ן בית־עולם איז אויסגעשפרייט דער בלאסער קאלטער טוידט. מתים און מצבות. די ביימער, פערשאטען מיט שניי. האבען אויסגעזעהען, ווי מאדנע אויסגעצויגענע און אויסגעקרומטע מתים אין תכריכים מיט טוידטע עופ'עלעך אויף די הענד... די מצבות האבען זיך אנגעבלאזען ווי מכשפות... און א ווינטעל טהוט א בלאז — צעשאקלען זיך די ביימער, זיי קנאקען. ווי טרוקענע ביינער פון סקעלעטען, — און דער שניי וואס שיט זיך אראב און דרעהט זיך אין לופט, ווארפט אן איין אימה!

צוויי קברנים גראבען דעם קבר, די ערד איז געפרוירען און שרייט משונה'דיג אונטער דעם אייזען... דער מת ליעגט אין מטה און ווארט.

מיט נייע ברעטלעך האט מען אויסגעבעט דעם קבר; אט צעברעכט מען א ברעטעל און מען מעסט אב, וויפיעל מען דארף.

מען לאזט אראב ליב'ען אין קבר: געה, רוה אויס, ליבע ברוכ'ס!.. דער קברן בעט מחילה פאר דער גאנצער וועלט, פאר זיך, אפשר האט ער איהם קיין כבוד ניט אבגעגעבען, ווי געהעריג איז — און ליבע שווייגט... דער קברן זאגט איהם אב פון דער וועלט, פון „חברות", ער רעדט צו איהם הויך און ווארענט איהם. אז ער, ליבע, איז געשטארבען— „זייט וויסען", טענה'ט ער צו איהם... ער דעקט איהם צו פון אויבען מיט ברעטלעך, שפרינגט ארויס פון קבר — און די בעגלייטער איילען גיכער צו פערשיטען... פלוצלינג — טראך! א הארט שטיק געפרוירענע ערד האט א קלאפ געגעבען און צעבראכען א ברעטעל — ליב'עס ארון איז געווים צעבראכען.

דאס האט בערען ביז טרעהרען פארדראסען: ווי באלד מען מאכט פאר'ן מת איין ארון מסתמא דארף דאס אזוי זיין, געווים איז דאס פאר איהם א כבוד... „דעם ארעמאן אבער געהט ניט ביז נאך דער לעצטער לאפעטקע ערד טאקי"...

בערען האט עס עפיס טיעף פערדראסען.

אבער ער טרייסט זיך איצט פאר זיין אמאליגען חבר, וואס יענער האט פריה אבגעהאנדעלט פון דעם נארישען וועלט'ל.

וואס קומט ארויס איהם, בערען, אז זיין בארד איז גרויער געווארען? צוליעב וואס זיצט ער נאך דא, אין דעם קליינעם צימער'ל און פיהרט מיט זיינע אלטע ביינער? „אהיים!" „אהיים!" —

געצונג שוין איהם — „אהיים"! „אהיים!" —

II.

דער אלטער בערע איז אונרוהיג געשלאפען די נאכט.

אויף דער גאס איז געווען א ווינד מיט א שניי. עס האט אויסגעלאשען לאמטערנעס, אבגעריסען לאדענס און געקלאפט אין די פענסטער. דאס שטיבל, וואו בערע וואהנט, האט געציטערט פון אויבען ביז אראב, די שרעקליכע נאכט האט אנגעדרוקט אויף דעם קליינעם פענסטערל — און בערע האט זיך אלע מאל מעהר און מעהר צונויפגעקנייטשט אונטער זיין אלטען בגד, מיט וועלכען ער האט זיך איבערגעדעקט. און אהינטער־פענסטער האט געיאגט, געדרעהט און געקנאקט.

ס'האט זיך איהם געדאכט, אז די „ניט־גוטע" שפיעלען דאס אין „חאפינקעס"... אמאל פערקייקלען זיי זיך אונטער דעם שטיבל און פערזינקען שטיל טיעף, טיעף, טיעף... אמאל הויבען זיי זיך אויף מיט א רעש צום הימעל — הויך, הויך... און אמאל טרעפען זיי זיך צוזאמען, הינטער דעם פענסטער, צעקישען זיך און צעפאטשען זיך און צעפליהען מיט א קנאק אין אלע ברעגען פון דער וועלט. —

וואס אמאל, ערוואכט דער אלטער מיט א נייער שרעק. אמאל דאכט זיך איהם, אז א חיל איז דעם שטיבל בעפאלען און מע רייסט ארויס די בערווינקעס פון וואנד; און אמאל שיינט איהם, אז מענשען פון דער גאס קלאפען אין פענסטער און וועקען איהם: „שטעהט אויף — עס ברענט!..."

בערע ווערד פערבייזערט. ערוואכענדיג, הויבט ער אן צו מורמלען אויפ'ן ווינד: „וואס ווילסט דו פון מיר?" — טענה'ט ער. און ער ציהט ארויף זיין בגד איבער'ן קאפ און ער דרעמעלט איין. באלד קלאפט אן דער ווינד אין די שויבעי און הויבט אן צודרעהען און ציהען עפים א בייז־ליעדעל:

— בערע, אוים!... א סוף וועל איך היינט מאכען! היינט וועט זיין א סוף צו אלץ!...

— גוט, נו! אדרבא!... — ענטפערט אב דער אלטער איז דער מחישבה, דרעמלענדיג.

— מארגען וועט זיך שוין קיינער ניט אויפהויבעי פוי זייז בעט...

עס וועט קיין „מארגען" ניט זיין... אוים, בערע! איך וועל מיט שניי פערשיטען — שניי ביז דעם הימעל... יעדעס שטיקל שנייעלע ווי א פינגער־הוט, ווי דיין פינגער־הוט גרוים... דעם שניי וועט די זון ניט דערווארעמען און ניט צעשמעלצען... אוים. אוים — דו הערסט, בערע ?...

— נו, זעהר רעכט!.. בעוויוז אמאל א חסד..

— ראשית וועל איך אלץ און אלעמען צעברעכען, צערייסען, צעציפען — אט אזוי, אט אזוי — דו הערסט, בערע?

— צי קאן מען ניט אנהויבען פון „זיי" — פון די שטארקערע?.

— וויו... וויו... וויו... פייפט דער ווינד.

בערע חאפט זיך אויף צעמישט. דערשראקען און בייז.

„צו וואס פלאנטען זיך מיר נאך משוגע'נע זאכען?" — פרעגט זיך בערע.

ער הערט, אז די שכנה, דבורה די שוסטע.קע קלאפט שוין מיט די שטעקענס ביי'ם אויבען: זי באקט לאטקעס צום פערקויפען, און ער בעשליעסט אויך צו אויפשטעהן: זאל זיין מען דארף מעהר ניט שלאפען...

זעצענדיג זיך, הויבט ער אן הוסטען. ער פערמאטערט זיך פון זיין לאנגען הוסטען, ער בעגיעסט זיך מיט שוויים.

— וואס האט איהר זיך אזוי צעהוסט, רב בער? — הויבט אן די שכנה א שמועס פון דער ווייטענס.

— אי, מיין פריינד, ניט גוט, זעהר ניט גוט!

— איהר וואלט נאך אווייל׳ע שלאפען.

— אה, וואס טויג עס נאך א ווייל׳ע? — אויף אלע מאל ווען מען זאל קענען איינשלאפען!..

— אהן א צייט איז קיין צייט ניט... — שרייט די שכנה פון קיך.

— ניט קיין גוטער כלל טאקי. — זאגט קוים ארוים דער אלטער טרויעריג: עס דארף אמאל זיין א צייט אהן א צייט...

און ער לעהנט זיך אן אויפ'ן טישל מיטביידע הענד. און אויף זיי שפארט ער אן זיין שווערען גרוי'ען קאפ.

א טיעפער אומוט נעמט איהם דורך. —

ער פערשטעהט ניט, וואס ער האט דא היינט צו טהון אין דעם ענגען פייכטען צימערל, ביי דבורה דער שוסטערקע אין שכנות? ווער דארף איהם דא? זיין אלטע איז שוין אויך לאנג געשטארבען — אלע שטארבען, נאר ער איינער ניט... ווי אויף להכעים...

„און מען קאן גאר ניט העלפען צו דעם?.." האט א צארענדיגע פראגע א יאג געטאן אין זיין אלטען קאפ און האט זיך באלד ערגיץ טיעף־טיעף בעהאלטען.

ער האט ארוים געקוקט אין פענסטערל: אין גאט'ס פאקאיעס איז נאך פינסטער געוועזען, די שווארצע נאכט האט נאך פויל און שווער געצויגען זיך אין דער לופט. און דער בייזער ווינד האט אומזוסט גע־ריסען און געציפט. —

III.

— רב בער, אה, רב בער, איך וועל אייך היינט מכבד זיין מיט א געבראטענע קארטאפעל, א הייסע — איהר וועט זיך אנווארמען...

דער אלטער בער האט אויפגעהויבען דעם קאפ פון דער ארבייט און אנגעקוקט זיין בעל־הבית'טע מיט דעם צעהיצטען פנים פון'ם אויבען — ער האט זי אנגעקוקט קאלט און שווייגענד, ווי ניט צו איהם געהערט עס גאר.

— ע—עך, — האט דער אלטער שטיל ארוים געצויגען: היינט בין איך דאס מוחל... מיך לאזט שוין „אהיים"...

— וואס עפים „אהיים"? — האט זיך דבורה געבייזערט.

דער אלטער האט געקוקט דורך די אנגעבראוזטע גלעזלעך פון זיינע מעשענע שפאקולען אזוי עלענד און טרויעריג. אויף זיין לאנגען שפיצעכדיגען פנים איז אשוידעריגע פינסטערניש געוועזען אויסגעשפרייט.

מיט א פראסטיגער פארע איז זלמן טאנדעטניק אין צימערל א־ריינגעקומען. מיט א פאק אלטע בגדים האט ער זיך קוים אין דעם ענגען צימער'ל אריינגעשפארט.

— נאט אייך ארבייט — און יענע איז פארטיג? האט ער הויך גערעדט. און האט באלד בעקומען די פארטיגע בגדים פון שטריקל, וועלכע איז אין א ווינקעל געהאנגען, פון וואנד צו וואנד געצויגען.

— איך טראג אייך ארבייט אין שטוב אריין, ארבייט און געלט... האט זלמן גערעדט.

— נאר איך וויל פון דיר פטור ווערען... האט זיך דער אלטער פערקרומט אויף זלמנ'ען מיט דער ארבייט.

— אלע בייזע חלומות צו אייער קאפ! — האט זלמן כמעט אויסגעשריגען, און איז צוגעפאלען מיט ביידע הענד צו דעם בגד. וואס בער האט געלאטעט. ער האט גענומען טאפען און דרעהען די נייע לאטע אויפ'ן בגד און וואס אמאל העכער געשריגען: צו וואס האט א הר נאך בעדארפט די לאטע צו נעהען מיט'ן לינקען זייט ארויף? א בלינדער וואלט אויך אנגעטאפט, אז די געוואנד איז האריג אויפ' לינקען זייט? וואס זענט איהר היינט משוגע?

דער אלטער איז אויף אמאל בלאס געווארען, דערשראקען און צעבראכען אינעווייניג פון א בייסענדער מחשבה. א מינוט האט ער אויסגעזעהען עלענד און דערשלאגען:

נאר אויף אמאל איז ער בייז געווארען און אוועק געשליידערט דעם בגד פון זיך:

— נעם איהם און טהו, ווי דו ווילסט: מאך רעכט, מאך לינק — ביי מיר זאלסט דו שוין מעהר ניט מאהנען... געפין פאר זיך שניי־דער, וועמען דו ווילסט — איך דארף שוין ניט מעהר דיין ארבייט... גענוג! נעם אוועק אלעס. וואס דו האסט דא ביי מיר. נעם דעם פאק, וואס דו האסט ערשט געבראכט, נעם אראב פון שטריקל אלעס, וואס עס הענגט, נאר די שטריק לאז מיר... גענוג מיר! גענוג... דיינע נעם אוועק — אבער די שטריק איז מיינע...

ווי זלמן טאנדעטניק איז ארויסגעגאנגען מיט'ן פאק בגדים, האט דער אלטער באלד אנגעטאן זיין מאנטעל, און דעם גרויסען ווייסע שטעקען אין דער האנד גענומען און איז אוועק געגאנגען צום „הקדש".

דער ווינד האט זיך שוין געשטילט, צו איין זייט גאס האט ער אנגעטראגען בערג מיט שניי און די צווייטע האט ער גאר און גאנץ אפגעריינגט, ביז דעם גליטשיגען גלענצענדען גרונט. דער פראסט האט זיך געשטארקט, דער קלארער בלויער הימעל האט מיט עזות

אויף דער ערד אראבגעקוקט, ווי מענשען לויפען שנעל און ציהען קוים דעם אטהעם. און דער רויטער ברעג הימעל הינטער דעם שטאדט־זייגער האט געשראקען מיט נאך א שטארקערען פראסט צו דער נאכט.

בער דער אלטער איז שטיל געגאנגען זיין וועג, מיט א געבויגענעם קאפ, וואו אלע זיינע געדאנקען האבען זיך יעצט אויסגעדרוקט אין די צוויי ווערטער: א קוק "טהון"...

ענדליך האט ער זיך אבגעשטעלט קעגען דעם לאנגען בנין מיט אכט שמאלע און לאנגע פענסטער צום גאס, אין דער שאטענדיגער זייט, — און זיי האבען זיך איהם אבגעדאכט אזעלכע קאלטע און פינסטערע מיט "בלינדע" שויבען... ער האט א בליק געווארפען אויף דעם גרויסען שווארצען טהויער, דורך וועלכען עס פאהרט ארויס דער בית-עלמין־וואגען מיט די געשטארבענע. און א ביטערער שמייכעל האט זיין פנים פערקרומט: "צו וואס דארף ער נאך ווארטען אויף דעם קהל'ישען וואגען"? ער טהוט א קעהר זיין גרויסען ווייסען שטעקען און געהט אוועק צוריק. עמיצער איז פארביי געלאפען און געזאגט איהם: "א גוט מארגען!" — דער אלטער בער האט זיינע ליפען ניט בעוועגט צו ענטפערן, ער האט זיך ניט אומגעקוקט, זעהען, ווער איז דאס. די גרויע אויגען האבען פאראויס געקוקט און אויסגעלאכט פון עפּיס, און אין די אויערן האט איהם עמיצער געשריגען: "אודאי!"... עמיצער האט מסכים געווען מיט דעם אלטענס טיעף-פערבארגענע מחשבה און איז איהם נאכגעגאנגען און געשריגען: "אודאי!"... דער אלטער איז פון דעם קול ניט אוועק געלאפען, ער איז זיך שטיל-שטיל געגאנגען מיט איין אויסלאך אויף זיין בלוי־בלאסען פנים.

אז דער אלטער בער איז אהיים געקומען און האט זיין קליין מעשען־לעמפל אנגעצונדען, און דאס טונקעל פייערל האט אקרומע שיין געווארפען אין דעם קאלטען וויסטען ווינקעל נעבען טישל ביי איהם אין צימערל, איז אויף איהם באלד אזא שרעק אנגעפאלען און א ציטער האט איהם דורכגענומען פאר זיינע אויגען. אין ווינקעל, פון וואנד צו וואנד האט זיך געצויגען די אלטע שטריק, אנגעטהאן אין שפינוועבס, ווי אין אשייד, און דער שווארצער שאטען פון דעם האט זיך נאך ברייטער געצויגען אויף די ביידע וועגד אין ווינקעל — א שאטען פול מיט עקלעך, אמאוס'ער, אהאריגער שאטען האט זיך געהוידעט און געשוידערט.

די קאלטע עלענד האט אנגעפילט דעם צימערל.

דאס קליינע פייערל אונטער דער אנגערייכערטער גלאז האט אויך געשוידערט און געוואלט זיך אויסלעשען וואס גיכער, און דער קרומער אבשיין אויף דער וואנד האט צו איהם, דאכט זיך געווינקען: "יא, יא -- לעש זיך אוים"...

דער אלטער בער האט זיך געשטעלט אויף זיין הילצערנעם בעט־בענקל און אנגעהויבען אבצובינדען איין ברעג שטריק פון א צוואק — דער שאטען אויפ'ן וואנט האט זיך געצאפעלט...

בער האט דעם שטריק אין קעשענע אריינגעלעגט. ער האט זעלבסט ניט געוואוסט, אויף וואס דארף ער די שטריק, נאר עס האט זיך איהם געדאכט, אז דאס איז זיין אייגענס און ער דארף דאס מיט נעמען. באלד האט ער זיין שער און אפאר שמיקלעך אלטע געוואנד אוועק־געלעגט אין זיין טלית־זאק. נאכדעם האט ער זיך אוועק געזעצט אויפ'ן בענקל און האט א זיפצ געטאן: "מארגען פריה דארף מען שוין געהן"... האט ער געקלערט; "מען מוז פארט געהן אין הקדש אריי"... א ו י ף ב ע ס ע ר ס א י ז נ י ט א צ ו ו א ר ט ע ן...

ל י פ מ א ן ל ע ו ו י ן.

---

# דער יודישער גלות.

(ענדע).

ווען מיר וועלען דאס אלעס געדענקען וועט אונז שוין נישט וואונדערן, ווען מיר הערען פון א סיבילה (א מין פאלקס־נבואה, וואס איז געווען דאמאלס מאדע) שוין צוויי הונדערט יאהר פאר דעם חרבן, וואס זאגט: "אז יעדעס לאנד און יעדער ים איז פול מיט יודען. אויך דער גרויסער יודישער פילאזאף פילא (ידידיה) פון אלכסנדריא דערצעהלט, אז מען טרעפט יודען אומעטום אין אלע לענדער. אם מיינסטען זענען זיי אין אלע טהיילען פון מצרים, און דער עיקר ישוב זייערער איז אין דער שטאדט אלכסנדריא. אין אמת'ן איז דער מיטעל־פונקט פון דעם גלות־יודענטום געווען אלכסנדריא, ווייל מצרים איז דאמאלס געווען דאס צענטרום פון דער וועלט, וואו עס האבען זיך פאראייניגט די ביידע וויכטיגסטע וועלט־טהיילען אזיע און אפריקא און די שטאדט אלכסנדריא איז געווען די ערשטע וויכטיגסטע שטאדט אין דער וועלט, סיי אין רייכקייט און האנדעל, סיי אין וויסענשאפט און בילדונג. דארום האט זיך ארום דער שטאדט אויפגעקליבען א גרויסע צאהל יודען. פילא שאצט די יודען אין מצרים אויף אנדערט האלבען מיליאנען מענשען. אויך אין דער שכונה פון מצרים זענען זיי געווען גענוג. איין בעריהמטער גריכישער געאגראף דערצעהלט, ווען ער רעדט פון דער גרויסער האנדעלשטאדט קירענעא — וואס איז געווען אין צפון פון אפריקא אין דער היינטיגען מדינה טריפאלי — דאס איין פיערטעל פון די איינוואהנער זענען יודען: זיי — די יודען — זענען היינט אומעטום פערברייטערט, און עס איז זעהר שווער צו געפינען איין ארט וואו דאס פאלק זאל דארט נישט זיין. דאס אייגענע בעשטעטיגט אונז אויך פילא פון אלכסנדריא און ערקלערט דעם טעם דערפון, ווייל די יודען קענען נישט וואהנען אין איין לאנד, ווייל זיי זענען צו פיעל און זיי וואלטען דארט נישט קענען געפינען קיין ארט, דארום זענען זיי צעשפרייט איבער בליהענדע שטעדט סיי אויף דעם פעסטען לאנד, סיי אויף די אינזלען. די יודען ווען זיי זענען אפילו געווען צעזייעט אויף דער גאנצער וועלט, פון דעסטוועגען האבען זיי זיך געפיהלט שטארק פעראייניגט, צוגעבונדען צו זייער לאנד, און האבען געהאלטען ארץ ישראל פאר דעם אמת'ן פאטערלאנד און ירושלים פאר דער הויפטשטאדט, וואו זיי פלעגען פון די ווייטעסטע ערטער קומען עולה־רגל זיין, צו בעצאהלען זייער חוב געגען גאט און זייער נאציאן די שיכות פון די אלע יודען מיט זייער פאטערלאנד איז געווען אויסגעדריקט אין דעם מס פאר דעם בית־המקדש, וואס יעדער יוד פלעגט צאהלען אלע יאהר. כדי אויפצומאנען דעם מס האט מען נישט געדארפט האבען קיין פאליציי; יעדער יוד האט דאס בעצאהלט מיט דעם גוטען ווילען, און יעדעס לאנד האט דאס בעזונדער געזאמעלט און אפגעפיהרט קיין ירושלים.

איין ריכטיגעס בילד פון דער געוואלטיגען אויס־ברייטונג פוז

דעם פרייוויליגען יודישען גלות פאר דעם חרבן גיט אונז א בריעף, וואס דער יודישער מלך אגריפס (I) האט געשריבען צום רעמישען קייזער קאיוס קאליגולא, ווען ער האט איהם געבעטען, ער זאל איהם נעהמען אונטער דער שוץ פון דעם רעמישען אדלער. „ירושלים — זאגט ער — איז די הויפטשטאדט נישט נאר פון ארץ ישראל אליין, זי איז אויך די הויפשטאדט פון די אלע קאלאניעס, וואס מיר האבען געגרינדעט אין די פרעמדע לענדער: אין מצרים, צור, סוריא, אין אלע טהיילען פון אזיע פאמפיהליע, ציליציע ביז ביטאניע (לענדער אין קליין־אזיע נעבען דעם מארמאר־ים און דעם שווארצען־ים) און אין די ווייטעסטע קאנטען פון פאנטוס (שווארצען־ים); אויך אין אייראפא זענען דא אונזערע קאלאניעס, אין טעזאליע, בעאטיע, מוקדון, אטיקא, קארינטא, אין די שענסטע טהיילען פון פעלאפאנעזוס — אלץ מדינות אין גריכענלאנד, — און אויך אויף די אינזלען: עאובעא, ציפערן און קרעטא. שוין נישט רעדענדיג פון יענע לענדער, וואס געפינען זיך אויף יענער זייט פון דעם טייך פרת, וואו אומעטום, א חוץ א קליינעם חלק פון בבל, געפינען זיך אונזערע ברידער. ווען דו וועסט אונז בעווייזען דיין חסד, וועסט דו מיט דעם בעקומען דעם דאנק פון די אלע יודען און אויך א רעכט אויף די אלע יודען. דא זעהען מיר ווי ווייט די יודען זענען דאמאלס געווען פערשפרייט אויף דער וועלט, צוגלייך זעהט מען ווי דאס אחדות איז געווען שטארק צווישען די יודען, דאס זיי האבען זיך אלע גערעכענט פאר קינדער פון דער יודישען נאציאן און דער וואס האט געהערשט איבער ארץ ישראל האט געהאט א דעה איבער זיי.

די יודען וואס האבען שוין עטליכע הונדערט יאהר געלעבט אין דער פרעמד, האבען דאך פון דעסטוועגען נישט אויפגעהערט צו זיין יודען. זיי האבען זיך זייער לעבען איינגעארדנעט אויף איין אנדער אופן, גאנץ אנדערש ווי דער פון ארץ־ישראל; זיי האבען געלעבט אהן קרבנות אהן עבודה, דארום שפעטער, ווען די יודישע מלוכה איז אונטערגעגאנגען און עס האט זיך אנגעפאנגען דער שרעקליכער יודישער גלות, איז דאס אפילו געווען א שרעקליכער אונגליק; אבער דער קיום האומה, דער בעשטאנד פון דער יודישען נאציאן איז דורך דעם נישט געקומען אין קיין סכנה. דער אלטער יודישער בוים האט שוין לאנג געהאט ארויסגעלאזען פון זיך ווייטע ווארצלען, וואס זענען אויסגעוואכסען גרויסע שטארקע ביימער. ווען שפעטער דער אלטער בוים איז געווארען אפגעהאקט פון א שונא אהן רחמנות, זענען דאך זיינע ווארצלען געבליבען פאראייניגט, פערפלאכטען צוזאמען און האבען געקאנט ווייטער וואכסען. די יודען ווען זיי זענען געקומען אין גלות האבען זיי אומעטום געפונען יודישע קהילות, וואס זענען שוין לאנג געזעסען אין דעם לאנד, האבען געלעבט א יודיש־לעבען. ביי זיי האבען די פערטריבענע געפונען אלץ גרייט, וואס עס איז נייטיג פאר א נאציאנאלען לעבען. און דאבען פערשפארט צו נעמען ערשט שאפען א ניי לעבען, אויף דעם אופן האט דער גלות געראטעוועט דאס יודישקייט.

היינט ווען דער כח פון גלות ווערד שוואכער — ווען די איינציגע צעשפרייטע ביימלעך הייבען אן צו צופוילען, הויבט אן דער אלטער אבגעהאקטער בוים צוציהען צו זיך די געבליבענע לעבענס־קראפט און הייבט ווייטער אן צו בליהען. ירושלים ווערד ווייטער דער מיטעלפונקט פון יודענטהום, פון דארט הייבט אן די יודישע זון ווידער אויפצוגעהן.

שאול יצחק סטופניצקי.

---

# די יודען אין מאראקא.

אין מאראקא געפינען זיך איין ערך פון 200,000 יודען, דאס רוב זענען דארטען אנגעקומען פון שפאניע און פארטוגאל בשעת די גזרות השמד זענען געווען אין יענע לענדער. די יודען זענען דארט זעהר רייך, האבען די גרעסטע געשעפטען און באנקען, דאס רוב וואהנען אין די האפען־שטעדט (פארטען) ווי טאנזשיר און טעטואן, אויך פערנעמען זיך פיעל יודען מיט פערשידענע מלאכות, ווי שוסטער, שניידער, סטאליארעס וכדומה, זיי זענען אבער מיט זייער רייכטהום און טהייל מאל אפילו מיט זייער לעבען נישט זיכער. נאך עד היום גילטען דארט די שלעכטע געזעצע און גזרות געגען יודען: יודען טארען אין מאראקא נישט קויפען קיין לאנד, קיין הייזער און זיך ניט בעשעפטיגען מיט לאנד־ארבייט אין די שטעדט וואו עס איז נישט בעשטימט פאר זיי צו וואהנען; יודען טארען נישט רייטען אויף קיין פערד נאר אויף אייזלען; ווען א מאחמאדאנער (דאס רוב איינוואהנער פון מאראקא זענען מאחמאדאנער) הרג׳עט א יודען קומט איהם נישט קיין שטראף, נאר אז די קרובים פון גע׳הרג׳טען לאזען נישט נאך, מוז דער רוצח זיי בעפרידיגען מיט א קליינע סומע געלד, אז א מאחמאדאנער זאגט עדות אויף א יודען, אז ער האט געלאכט פון מאחמאדאנישען גלויבען, אדער ער האט געזידעלט, צי געשאלטען דעם מאחמעד, קומט דעם יודען מיתה און מען מאכט גאר קיין שום חקירה ודרישה נישט, טאמער איז דער עדות א פאלשער. א יוד איז פסול לעדות און איז אויף קיין זאך נישט בעגלויבט. און אז זיי קומען צום שופט טארען זיי נישט שטעהען גלייך נאר איינגעבויגען, אז א מאחמאדאנער דינגט עפיס א זאך אויף דעם מארק טאר דער יוד נישט קויפען מעהר די דאזיגע זאך. אונטערוועגענס טארען זיי נישט שעפען פון א ברונען, אויב עס שטעהען ביי איהם מאחמאדאנער. יודען טארען נישט לעזען, נישט שרייבען קיין אראביש. אז א יוד טרעפט אונטערוועגס א מאחמאדאנער מוז ער איהם געבען די וועג און אז דער יוד רייט אויף איין אייזעל מוז ער אראבקריכען פון אייזעל און געהן צו פוס ביז וואנען דער מאחמאדאנער געהט פארביי. יודען טארען נישט טראגען קיין רויטע היטל ווי די מאחמאדאנער טראגען, נאר שווארצע, אויך שוך מוזען זיי טראגען נאר שווארצע אבער נישט קיין רויטע אדער געלבע. אז ביי דעם מאראקאנישען סולטאן ווערד געבארען א זוהן אדער א טאכטער, און דאס טרעפט זעהר אפט, דען דער מאראקאנישער סולטאן האט א סך ווייבער, מוזען די יודען צאהלען א גרויסע סומע מס אין דעם סולטאנס קאסע, עס טרעפט טהייל מאל, אז מען טראכט מיט א כיון אויס, אז עס איז געבארען געווארען א קינד ביים סולטאן, כדי ארויסצובעקומען פון יודען געלד. די יודען מוזען מקבר זיין די פערברעכער, וואס מען האט זיי דן געווען צו מיתה און אויך מוזען זיי אויסהאלטען אויף זייערע קאסטען דעם סולטאנס חיות־גארטען.

עס פערשטעהט זיך, אז ביי אזוינע גזרות האט דער יוד קיין שום אכטונג ביי'ן פאלק, זיין געלט און זיין לעבען זענען הפקר און די יודען לעבען דארט תמיד אין טויט־שרעקעניש. די היסטאריע דערציילט הונדערטער פאקטען, ווי מען האט בעלעגערט דעם יודענפיערטעל (דאס הייסט דעם קווארטאל וואו די יודען וואהנען) און די יודען האבען מיט גרויסע סומען געלד זייער לעבען פון טויט מציל געוועזען. כמעט אין אלע בעריכטען פון דער פאריזער חברה "כל ישראל חברים" ווערען דערמאנט די רדיפות און רציחות, וואס די יודען אין מאראקא ליידען.

די פערשטארבענע בעריהמטע יודישע פאטריאטען סיר משה מאנטיפיורי און יצחק קרעמיע האבען געבעטען ביי די אייראפעאישע רעגירונגען, זיי זאלען זיך אננעהמען פאר די דארטיגע יודען. דער דאמאלדיגער סולטאן מולייי האסאן האט אפילו צוגעזאגט, אז ער וועט נישט מעהר לאזען אזוי רודפ'ן די יודען פון זיין לאנד, אבער ער איז געבליבען ביי זיין צוזאג. טאקי אין דעם אייגענעם חודש, וואס ער האט געגעבען זיין צוזאג, זענען די אראבער פון דער שטאדט דיבאדרא בעפאלען די יודען און האבען 18 פון זיי אוועק גע'הרג'עט.

אין יאהר 1888, בשעת אין מאדריד איז געווען איין קאנגרעס, אויף וועלכען עס זענען זיך צוזאמענגעקומען געזאנדטע פון אלע אייראפעאישע רעגירונגען צו בעהאנדלען די מאראקאנישע פראגע, האט די חברה כל ישראל חברים אויס פאריז געשיקט א בריעף צו דעם קאנגרעס, אין וועלכען זי האט בעשריעבען די לאגע פון די יודען אין מאראקא און האט עס געשיקט דורך צוויי חברים פון דער חברה, ה' נעטער און וועניציאני און האט געבעטען מען זאל די יודישע צרות א ביסל פערלייכטערען.

דער סולטאן פון מאראקא האט דענסטמאל געשריבען א בריעף צו זיין מיניסטער סידי מאחמעד בורגאש. וועלכער איז אויך געוועזען אויף דעם קאנגרעס, אז ער זאל אכטונג געבען, דאס מען זאל ווייטער די יודען נישט אזוי אונטערדריקען און זיי זאלען זיך נישט האבען וואס צו בעקלאגען ביי די אייראפעאישע מלוכות און דער מיניסטער האט צוגעזאגט. מקיים געווען אבער דעם צוזאג האט מען נאך היינט אויך נישט. עס איז קיין וואונדער נישט, אז פיעל יודען זענען צוגעשטאנען צו בו האמאר, וואס דאט, ווי אונזערע לעזער ווייסען שוין, מורד געוועזען אן דעם היינטיגען סולטאן אבדול אזיז און העלפען איהם אין זיין מלחמה געגען דעם סולטאן, זיי האפען, אז אונטער איין אנדער סולטאן וועט מען זיי בעסער בעהאנדלען, נאר ווער קאן וויסען אויב דאס איז נישט א פוסטע האפנונג.

ה—ג—ד

## לִיטעראטור און קונסט

— החימיה בחיי יום יום מאת פראפיסור ד"ר לאססאר קאהן תרגם ברשיון המחבר פ. קאנטאראוויץ. שנים עשר מאמרים עם ציורים.

(די חעמי אין טעגליכען לעבען פערפאסט פון פראפעסאר לאססאר קאהן און איבערזעצט מיט די ערלויבניש פון מחבר דורך פ. קאנטאראוויץ.)

דאס ווערק האט 2 חלקים און ענטהאלט 13 ארטיקלען מיט אילוסטראציעס. עס איז געשריבען מיט א פארשטענדליכע לייכטע שפראך און ווער עס אינטערעסירט זיך מיט דער חעמי קאן אין דעם דאזיגען ווערק פיעל זאכען דערגעהן, וואס וועלען איהם נוצען ברענגען.

## ווִיסענשאפטליכע ידיעות

(אויפלעבען דאס הארץ). דער יודישער פראפעסאר אין דער טשיקאגער פיזיאלאגישער פאקולטעט יעקב לעב האט פארגעלייענט א לעקציאן פאר די שילער פון דער דאזיגער אוניווערזיטעט, אין וועלכע ער האט זיי דערצעהלט, אז איהם איז געראטען אויפצולעבען דאס "קלאפען" ביי דעם מענשענס הארץ, וועלכעס האט זיך אבגעשטעלט אדער אין גאנצען אויפגעהערט צו קלאפען. דער יודישער געלעהרנטער האט ענטדעקט די נערוועו, וועלכע מאכען די בעוועגונגען אין דעם קערפער פון די בעלי חיים און דורך דאס איינשפריצען פון א געוויסע מעדעצין הויבט אן דאס אבגעשטארבענע הארץ ווידער צו קלאפען, דאס פערגליווערטע בלוט הויבט ווידער אן לויפען און דער געשטארבענער ווערד ווידער לעבעדיג. דער יודישער פראפעסאר גלויבט, אז דורך דעם דאזיגען מיטעל וועט איהם געראטהען מחיה מתים צו זיין אויף א קורצע צייט.




### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין דעם רוסישע בלאט פאר קירכען איז געדרוקט געווארען איין ערקלערונג, אז אלע ניי געבארענע קינדער, וועלכע מען ווייסט נישט ווער זייער פאטער איז, זאל מען זיי ביי דער טויפע איינשרייבען אויף די מוטערס נאמען און מען זאל נישט איינשרייבען, אז דאס קינד איז פון עלטערן, וואס האבען חתונה געהאט נישט על פי דין.

— אין בערלין האט מען פיעל פרויען געגעבען שטעלען אין די שטעדטישע פאלקס־ביבליאטהעקען.

— אין אדעסער אסטראג האבען די פרויען, וועלכע זענען דארט ארעסטירט, געמאכט א בונט און די אויפזעהער פון דעם אסטראג האבען געמוזט ברענגען סאלדאטען זיי איינצושטילען. איין פרוי האט מען גע־הרג'עט.

### II. יודישע נייעס.

— אין זיטאמיר האבען די עלטערן פון די יודישע מיידלעך, וואס לערנען אין זיטאמירער גימנאזיום דערלאנגט א בקשה צום קוראטאר פון קיעווער לעהר־ראיאן, מען זאל ערלויבען זייערע טעכטער צו לערנען יודישע רעליגיאן אין גימנאזיום.

— די יודישע שוישפילערין אין פראנקרייך שרה בערנאר שרייבט זייט איינינע יאהר איהר טאגע־בוך. אין דעם דאזיגען טאגעבוך איז פערשריבען נישט נאר אלץ וואס מיט איהר האט זיך פאסירט, נאר אויך איהרע מיינונג וועגען פערשידענע זאכען, וואס זי האט זיך אין איהר לעבען אנגעזעהן. שרה בערנאר שרייבט איהר טאגע־בוך אין די זומערדיגע חדשים בשעת זי וואהנט אויף דעם לאנד, זי ארבייט איהם שוין 4 יאהר און אין נאך 2 יאהר וועט דאס בוך פארטיג ווערען און דענסטמאל וועט מען עס אין איין צייט דרוקען אויף 4 שפראכען: פראנצויזיש, אויף וועלכע זי שרייבט, ענגליש, דייטש און איטאליעניש אויף וועלכע מען וועט עס איבערזעצען.

## די קולירען אין דער פרויענקליידונג.

אין קיין זאך איז די קראפט פון נאכמאכען נישט אזוי שטארק ווי אין דער מאדע. נישט לאנג האט מען אין דער מאדע־וועלט געהאלטען, אז צוזאמען־שטעלען א גרינע פארב מיט א בלויע איז ניט שען. א געוויסער שניידער אבער האט אויסגעטראכט צוזאמענצופאסען אט די צוויי נישט פאסענדיגע פארבען. אנדערע זאגען ווידער, אז דאס איז געוועזען איין אקטריסע, וואס האט א גאנצען אקט אין טהעאטער

געטראגען א קלייד פון די דאזיגע נישט פאסענדיגע בלויע און גרינע פארבען, און אלע האבען איהר אנגעהויבען נאכטהאן.

עס פערשטעהט זיך, אז היינט איז שוין דאס נישט מעהר מאוס, היינט איז שוין דאס גאר שען, ענטציקט צו ווערען, ווער עס קליידעט זיך נישט אין אזא פארב האט גאר קיין שום געשמאק נישט אין פארבען צוזאמענפאסען.

ווי אזוי איז דאס געווארען פלוצלינג, אז דאס וואס איז געוועזען מאוס, נישט אנצוקוקען, איז גאר היינט רייצענד, שען, גאר א מחיה אנצוקוקען? וואס מיר, פרויען, וועלען טראגען קומענדיגען יאהר. האבען שוין די שניידערס און פאבריקאנטען בעשטימט, מיר מוזען נאכטאנצען לויט ווי זיי שפיעלען. עס איז אפילו נישט שטארק אנגענעהם איבער דעם צו קלערען — דאס בין איך, מודה — אבער דארפען דארף מען עס זעהר נייטיג. דען פיעל פון אונז, פרויען, האלטען דאך גאנץ שטארק פון זייער אייגענעם געשמאק און אייגענעם ווילען. אמת, אז אין די גרויסע שטעדט איז דא א סך פון וואס זיך צו קלויבען און יעדער קאן זיך אויסקלויבען לויט זיין אייגענעם ווילען, לויט זיין אייגענעם געשמאק, נאר דאס איז א טעות. דאס אויסקלויבען די פארבען, דאס שטאף און די בעפוטצונג ווענדט זיך נישט אן אונזער ווילען, מיר מוזען נעמען דאס וואס די פאבריקאנטען גליסט זיך אונז צום „סעזאן“ צו געבען אדער דעם „רעשט“, וואס זיי איז איבערגעבליבען פון פאריגעס יאהר, מען דערלאנגט דער דאמע, וואס קומט אריין עפעס קויפען, דאס וואס עס איז דא צופיעל אנגעגרייט, שטאפען וואס זענען זעהר ווייניג פערשידען איינער פון צווייטען, פארבען וואס האבען א קליינעם אונטערשיד און די „דאמע“ מיינט, אז זי קלויבט אויס נאך איהר געשמאק, אין דער אמת'ן אבער קלויבט זי גאר לויט דעם רצון פון פאבריקאנט.

מען קאן נישט זאגען, אז קיינער קאן זיך נישט אויסקלויבען נאך זיין געשמאק, די וואס בעציעהען זייערע טאאלעט־זאכען פון די גרויסע וועלט־פירמעס, אדער די, וואס האבען טאקי באמת דעם גוטען געשמאק, זיי פערשטעהען שוין זיך אויסצוזוכען לויט זייער ווילען. עס איז דא טאקי אמת גוטע נישט קיין פערדארבענע מאטרע־יאל, עס זענען טאקי דא פארבען, וואס זענען אמת שען, אבער דערצו מוז מען זיין דער גרויסער מבין. אמת שענע פארבען געפינט מען ביי פשוט'ע פויערען, ביי פראסטע פארבער און וועבער, וואס ווייסען נישט פון נאכטאנצען מאדעס, זיי וועבען זייערע געוואנד לויט זייער גע־שמאק, לויט זייער רצון, מען קאן עס אויך געפינען אין די גרויסע לאגערס, אין די אויסלענדישע פאבריקען, אבער אזוינע עכטע שטאף זעהען מיר קיין מאל נישט פאר אונזערע אויגען.

מיר דארפען נישט האלטען פאר קיין חסרון, דאס וואס דער געשמאק בכלל בייט זיך, אדרבא, עס איז גאר א מעלה, וואס דער געשמאק אין קליידער־טראגען ווערד אין אונזער דור אלץ ביסלעך־ווייז, ביסלעך־ווייז פערפיינערט, פערעדעלט און וואס דער יונגער דור קלויבט זיך אויס א נייעס עדעלען סארט קליידונג איז דאס אלץ מעלות. דער חסרון איז נאר: דאס וואס היינט האלט מען פאר העכסט עלעגאנט, ווערד אין קורצער צייט, מאוס נישט צום אנקוקען.

אויף א קלייד קאן מען ערשט דענסטמאל זאגען א מיינונג, ווען מען טראגט עס שוין. דאס קלייד פאר זיך אליי מעג זיין פון בעסטע־שטאף, פון דעם שענסטען קוליער, פון דער פיינסטען פארם און שניט און פון דעסטוועגען ווירקט עס אויף דעם ווער עס טראגט עס זעהר נישט שען. דאס איז איין אמת, וואס נישט אלע ווילען עס מודה זיין. דאס רוב מענשען מיינען, אז קוים איז א קלייד גוט אויפ־גענייט און פון שיינעם שטאף, דארף עס יעדערען פאסען, דאס איז אבער נישט ריכטיג.

ביים אויסקלויבען דעם קוליר מאכט מען א סך פעהלער, עס איז שוין איין אלטער כלל, אז דאס וואס עס פאסט א בלאנדען פאסט נישט קיין ברונעטען, וואס עס טויג פאר א שלאנקען טויג נישט פאר א דיקע פערזאן.

צי פערשטעהט מען גאר ווי ווייט עס איז גרויס דער תענוג פון א פרוי, וואס קאן זיך קליידען נאך איהר געשמאק, מען קאן זאגען, אז עס איז גלייך צו דעם תענוג וואס דער קינסטלער האט בשעת ער בעשאפט א ניי ווערק?

זאגען א כלל וואס עס איז שען און וואס נישט, קאן מען נישט: דער כלל איז, אז עס איז נישט דא קיין אמת שען און אמת מאוס. מען קאן דעריבער נישט אבפסק'ענען, אז די פארבען פאסען צו יענע און די פאסען נישט.

דאס ווייזט אונז די פראקטיק. למשל: אז א פרוי וואס האט רויטע האר זאל זיך קליידען אין געלבע קולירען, איז אנגענומען ביי דער וועלט פאר זעהר נישט שען, געלב קומט אויס לויט די אנגענומענע כללים פאסט נאר פאר טיעף ברונעטע, און מיר האט זיך געמאכט די געלעגענהייט צו זעהען א פרוי מיט פלאם רויטע האהר געקליידעט אין א געלב קלייד און דאס האט איהר אויסגעצייכענט געפאסט, אמת די פרוי איז געווען א שענע און פול גראציע, און דער עולם זאגט א ווערטל: א שענעם מענשען קליידט אלץ, וואס ער טהוט זיך נאר אן, דאס איז אבער נישט מעהר ווי א ווערטל, מען דארף טאקי פערשטעהן אויסצוקלויבען א קוליר, וואס פאסט צום פנים און דאס האט די פרוי מיט די רויטע האהר זעהר גוט פערשטאנען.

דאס בילד פון דער פרוי אין דעם געלבען קלייד האב איך א סך יאהרען כסדר נישט געקאנט פערגעסען און נאך עד היום שטעהט עס מיר פאר די אויגען. און איך האב נאך היינט איין אמת'ען תענוג, אז איך שטעל מיר פאר ווי רייצענד די פרוי האט דענסטמאל אויס־געזעהען און אלץ צוליעב דעם וואס זי האט פערשטאנען זיך צו קליידען נאך איהר אייגענעם געשמאק און נישט נאכגעטאנצט קיין פרעמדע.

(ענדע קומט). דבורה לעווינזאהן.

## בריף־קאסטען.

ה' י. ל. ווישינסקי סובאלק און נאך פיעל אנדערע:

אויף אייערע פראגען, ווי פיעל דארף מען צו צאהלען צו דער נייער בילינער פרייז, איהר זאלט זיך רעכענען פאר א יעהרליכען א־באנענט פון „פאלקס־צייטונג“ צוזאמען מיט דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום־עליכמ'ס אלע ווערק, קענען מיר אייך ענטפערען, אז איהר און די אלע וואס עס איז געבליבען זייער געלד אויף ניי יאהר, דארפען אין דער צייט צוצאהלען לויט די 4 ראטען אויף אויס צוצאהלען פאר יעהרליכע אבאנענטען (זעהט די אבאנענטס פרייזען אין יעדען נומער „פאלקס־צייטונג“).

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S. L Deutscher Podgorze b-Krakau

## נדבות.

דורך דער אדמיניסטראציאן פון דער יודישער פאלקס-צייטונג אין קראקוי איז ערהאלטען געווארען 20 רובל פאר דעם נאציאנאל פאנד פון דער חברת „דורשי ציון" אין אונגעני (בעסעראבער גוב').